Daniel, Mark.
Zyamke Kapatsh : pyese in dray aktn, zibn bilder.
Kharkov, 1936.

BIBLIOGRAPHIC RECORD TARGET

YIVO INSTITUTE FOR JEWISH RESEARCH

Master negative Storage Number Y-2005-1907.6

**Daniel, Mark, 1900-1941.**
Zyamke Kapatsh : pyese in dray aktn, zibn bilder.
Kharkov : Kinder-farlag bam Ts.K L.K.Yu.F.U., 1936.
105 p. : ill. ; 18 cm.

1. Children's plays, Yiddish.--lcsh. 2. Yiddish drama.--lcsh.
I. Zyamke Kopatsh.

ID : NXYH94-B639 CC: 9114 DCF: [HBR]
CALL #: /86560

Reduction ratio X10.0

געווידמעט

דעם כאווער פ. פּ. פּאָסטישעוו

מ. דאניִעל

מ. דאַניִעל

# זיאַמקע קאַפּאַטש

פּיעסע אין דרײַ אַקטן, זיבן בילדער






קינדער־פאַרלאַג בײַם צ.ק. ל.ק.י.פ.או.
כאַרקאָוו
1936

פאראנטװאָרטלעכער רעדאקטער — אי. צדינזמַד
פאָטאָ־אילױסטראציעס פונ דער שטעלונג, אינ
כארקאָװער רעװאָליוציע־טעאטער
קאָרעקטער — ל. הילער

## פערזאָנענ:

זיאמקע קאָפאטש
ליבקע
יאנ
} שוסטער־ייִנגלעכ

שמועל
פעטראָ
זאָרעכ
װיקטאָר
} ארבעטער

באלעבאָס — בענציע
באלעבאָסטע — סאָרע־ביילע
מאריאנע — קודריאװצעװס מוטער
מאגדע — דינסטמײדל
אנדריי קודריאװצעװ — קאָמאנדיר
אדאמ זאפאלקע — זײַנ געהילפ

מיקאָלע
קאזימיר
פיאָדער
} רויטארמייער

בראמעק — אופזעער פונ טורמע

סאװעלי
װלאס
} װעכטער

סערזשאנט
אופזעער
זיגמונד — מיטארבעטער פונ דעפענזיווע
פיגור — לייבקעס מוטער
עלטסטער
רויטארמייער
לעגיאָנערב
בירגער

# ערשטער אקט

## ערשט בילד

### באנאכט אפ דער וואכ

חינטער. א קאלטע פראָסטיקע נאכט. אלצ ארום — אינ שניי אונ אינ גליוועך; אינדעהסים — פייערנ פונ א וואָקזאל. באנעג קומענ, גייענ אָפּ. א שטאָט עוואקוירט זיכ. א פארוואָרפענע ליניע. אפּ דער ליניע שטייט א פארשטעמפלטע טעפּלושקע. צוויי יינגלעכ אינ לאנגע רויטארמייִשע שינעלנ ראנגלענ זיכ, פאלנ, שטייענ אופ, פאלנ ווידער. דער געשלעג טראָגט א האלב ערנסטנ, האלב שטיפערישנ כאראקטער. אנדריי קודריאווצעוו באוויַזט זיכ אינ ארומרינגלונג פונ עטלעכע רויטארמייער.

קודריאווצעוו. די עשעלאָנענ פונ דער פערטער אונ צווייטער ליניע גלייַכ אָפּשיקנ.
זאפּאלקע. איכ פאָלג, כאווער קאָמאנדיר! (אָפּ).
קודריאווצעוו. אפנ וואָקזאל פארשטארקנ דעם אופזיכט, פארדעכטיקע פארהאלטנ.
מיקאָלע. פארשטאנענ, כאווער קאָמאנדיר! (אָפּ).
קודריאווצעוו. די רויטארמייער זאָלנ זיכ האלטנ נעענטער צום דעפּאָ. איכ קומ גלייַכ!
קאזימיר. פאראנענ, כאווער קאָמאנדיר! (אָפּ).

*קודריאווצעוו גייט צו נעענטער צו די יינגלעך. די יינגלעך זיינען אזוי פארטאָן אין געשלעג, אז זיי באמערקן אים ניט.*

**קודריאווצעוו.** אָט אזוי, אָט אזוי, נאָכאמאָל קוליע אים איבער. לייבקע, מער פייער, מער פייער!

**לייבקע.** לאָז אָפּ, לאָז אָפּ... אז מיר איז קאלט!..

**קודריאווצעוו.** זיאמקע, מיט מיר ווילסטו זיך א ראנגל טאָן?

**זיאמקע.** איך וויל, כאווער קאָמאנדיר!

**קודריאווצעוו.** איזווארפ אראָפּ דעם שינעל און גרייט אָן די זייטן. זאָל לייבקע זען, ווי עמעסע רויטארמייער ראנגלען זיך...

*ביידע ווארפן אראָפּ די שינעלן און הייבן זיך אָן ראנגלען.*

**זיאמקע.** אוך, זיך אָנגעווארעמט! דאָס העמד אפּן לייב ברענט, ווי ס'וואָלט גאָר קיין פראָסט ניט געווען...

**לייבקע.** *(טרייסלט זיך פון קעלט)* מע קען אזוי אויס־ברעכן א האנט אָדער א פוס!

**זיאמקע.** וויקל איין די הענט און די פיס אין וואטע, וועסטו זיין זיכער!

*א טומל באם וואָקזאל.*

**קודריאווצעוו.** רויטארמייער, אפּ דער וואך! *(ביידע נעמען די ביקסן, וועלכע זיינען געווען אָנגעשפּארט אָן טעפּלושקע, שטעלן זיך פון ביידע זייטן טעפּלושקע, סאָליטע־ריש אויסגעגלייכט)* וואָס ס'זאָל ניט געשען, פון דער



וואך ניט אוועקגיין, ביז ס'וועט קומען א פאר־בייט. דאָ, אין טעפּלושקע געפינען זיך מעדיקא־מענטן פאר אונדזערע פארוואונדעטע כאווירים. יעדער מעטער מארליע — איז א לעבן פון א רויטארמייער. פארשטאנען?

**זיאמקע.** פארשטאנען, כאווער קאָמאנדיר!

**לייבקע.** און ווען וועט קומען א פארבייט? ס'איז היינט א קאלטע נאכט!

**זיאמקע.** זאָל ער גיין אהיים. איך וועל אליין היטן!

**קודריאווצעוו.** אין צוויי שאָ ארום. פאראָל „מאראָט“.

**זיאמקע.** א מאָדנע פאמיליע... ער איז א באָלשע־וויק, מאראט? ער ארבעט אינאיינעם מיטן כאווער לענין?

**קודריאווצעוו.** ניין, זיאמקע. אין דער צייט פון דער פראנצויזישער רעוואָליוציע האָט אים שאר־לאָטע קאָרדע... נו, א פראנצויזישע מאָנאר־כיסטקע, דערשטאָכן מיט א קינזשאל, ווייל מא־ראט האָט זיך געשלאָגן פאר דער פאריזשער אָרעמקייט. פארשטאנען?

**זיאמקע.** פארשטאנען. א בורזשויקע... פארשטאנען!

**לייבקע.** און דער פראָסט שטייגט, ס'מוז שוין זיין פינף און צוואנציק גראדוס...

**זיאמקע.** „מאראט“... א שיינער נאָמען... עך, א שאָד, וואָס איך בין ניט געשטאנען בא זיין טיר אפּ דער וואך...



ערשטער אקט, ערשט בילד

קודריאווצעוו. וואָס וואָלסטו געטאָן?
זיאמקע. איך וואָלט איר מיטן ביקס א קיצל געטאָן, וואָלט זי ניט דערלעבט א לעבעדיקע אוועקגיין...
קודריאווצעוו. גוט. גוט... אויב אײַך וועט ווערן קאלט — שלאָגט זיך, ראנגלט זיך, שפּרינגט, טאנצט, זינגט. נאָר ניט אײַנשלאָפן. די פיס מיט פּאפּיר האָט איר ארומגעוויקלט?
לייבקע. פּאפּיר?
זיאמקע. ניין!
קודריאווצעוו. (באקומט פון קעשענע צײַטונגען, אלטע אינסטרוקציעס, באפעלן, ניט די כעוורע) פּארוויקלט גוט די פיס. קיינעם צו דער טעפּלושקע נאָענט ניט צולאָזן. פּאראָל?
זיאמקע. מאראט.
קודריאווצעוו. מאראט! (אָפּ)

לייבקע און זיאמקע שלעפּן ארויף די שטיוול, וויקלען אײַן די פיס מיט צײַטונגען. די ווײַטערדיקע שפּיל קומט פאָר באם אָנטאָן די שטיוול.

לייבקע. שפּײַסט ארויס א פול מויל ווארעמע שפּײַעכץ, און איידער עס קומט צו דער ערד, ווערט עס אײַז... מע זאָגט, אז אין אזא פראָסט ווערט די נאָז פריִער ווײַס, דערנאָך רויט... דערנאָך שווארץ.
זיאמקע. און צום סאָף פאלט זי אינגאנצן אראָפּ...
לייבקע. בא דיר איז די נאָז, אוי, אוי, אוי...



ערשטער אקט, ערשט בילד

**קודריאווצעוו.** וואָס וואָלסטו געטאָן?

**זיאמקע.** איך וואָלט איר מיטן ביקס א קיצל געטאָן, וואָלט זי ניט דערלעבט א לעבעדיקע אוועקגיין ...

**קודריאווצעוו.** גוט. גוט... אויב אײַך וועט ווערן קאַלט — שלאָגט זיך, ראנגלט זיך, שפּרינגט, טאנצט, זינגט. נאָר ניט אײַנשלאָפן. די פיס מיט פאפיר האָט איר ארומגעוויקלט?

**לײַבקע.** פאפיר?

**זיאמקע.** ניין!

**קודריאווצעוו.** (באקומט פון קעשענע צײַטונגען, אלטע אינסטרוקציעס, באפעלן, גיט די כעוורע) פארוויקלט גוט די פיס. קיינעם צו דער טעפּלושקע נאָענט ניט צולאָזן. פאראָל?

**זיאמקע.** מאראט.

**קודריאווצעוו.** מאראט! (אָפּ)

לײַבקע און זיאמקע שלעפּן אראָפּ די שטיוול, וויקלען אײַן די פיס מיט צײַטונגען. די ווײַטערדיקע שפּיל קומט פאָר באם אָנטאָן די שטיוול.

**לײַבקע.** שפּײַסט ארויס א פול מויל ווארעמע שפּײַעכץ, און איידער עס קומט צו דער ערד, ווערט עס אײַז... מע זאָגט, אז אין אזא פראָסט ווערט די נאָז פריער ווײַס, דערנאָך רויט... דערנאָך שווארץ.

**זיאמקע.** און צום סאָף פאלט זי אינגאנצן אראָפּ...

**לײַבקע.** בא דיר איז די נאָז, אוי, אוי, אוי...

ליבקע. וואָסי? וואָסי?

זיאמקע. בא דיר איז א שטיקל נאָז אינגאנצנ ווײַס געוואָרנ, ווי דער שניי...

ליבקע. א ליגנ, עס קאָנ ניט זײַנ. איכ האלט די נאָז באהאלטנ די גאנצע צײַט אונטערנ בא־שליק...

זיאמקע. בא די אויגנ... דאָס שטיקל נאָז, וואָס געפינט זיכ צווישנ די אויגנ, איז ווײַס געוואָרנ...

ליבקע. איכ פיל גאָרניט.

זיאמקע. (דערשראָקנ) לייבקע, אוי, אוי... שווארצ געוואָרנ...

ליבקע. שווארצ!? שווארצ!? דרײַסיק גראדוס. מיר וועלנ פארפרוירנ ווערנ... שווארצ, איכ גיי אהיימ!..

זיאמקע. שטיי, שטיי, שויטע! איכ האָב געלאכט... (גייט צו נעענטער) גיב די נאָז! (שנעלט אימ) פילסט?

ליבקע. דאכט זיכ, אז איכ פיל.

זיאמקע. (שנעלט שטארקער) אונ איצט?

ליבקע. (אינקאעס) עס טוט וויי!

זיאמקע. איז גוט. אינ א נאָז, אז מע שנעלט, טוט אלע מאָל וויי, אפילע זומער אינ די גרעסטע היצנ...

ליבקע. עמעס, עמעס. דער באלעבאָס האָט ליב געהאט מיר שנעלנ אינ נאָז, האָט אלע מאָל וויי געטאָנ.

יאמקע. האָסט זיכ אפדערעמעסנ דערשראָקנ?..

לייבקע. א האָר ניט. איך האָב אויך געשפּאַסט. ווי רעכנסטו, א שאָ איז שוין אוועק, ווי מיר שטייען אפ דער וואך?

זיאַמקע. א שאָ? געוויס!

לייבקע. זיאמקע, זינג עפּעס. ארום איז פינצטער. קיין איין שטערן. דער הימל, ווי מיט א שוואַרצער טוך באַצויגן. זינג, זיאמקע!

זיאַמקע (זינגט)

עס לויפן, עס יאָגן
שוואַרצע וואָלקנס,
עס פּײַפט און עס ברומט דער ווינט,
פון סיביר שיקט דײַן מאַמע
דיר א גרוס, מײַן קינד.

אונדזער קאָמאַנדיר איז פון דאָנבאַס אַהער געקומען. ער האָט דאָרט געאַרבעט אין א קוילנשאַכטע, אונטער דער ערד. לייבקע, דו האָסט וועגן געזען א קוילן־שאַכטע?

לייבקע. ניין!

זיאַמקע. איך אויך ניט... (זינגט)

ער שטײַט און גראָבט,
אַלץ טיפער און טיפער...

נעכטן האָט ער דערציילט, אַז אין לוגאַנסק — א שטאָט אַזאַ פאַראַן אין דאָנבאַס — געפינט זיך א גרויסער זאַוואָד. מע מאַכט דאָרטן לאָקאָמאָטיוון. אפ יענעם זאַוואָד האָט געאַרבעט דער קאָמאַנדיר



פון אַלע דאָנבאַסער פּאַרטיזאַנער... וואַרט, ווי איז זײַן פאַמיליע? וואָראָ... וואָראָשילאָוו... יאָ, יאָ, וואָראָשילאָוו... ווי טראַכטסטו, ער ווייסט, אַז איך האָב זיך פאַרשריבן אין דער רויטער אַרמיי און שטיי איצט אפ דער וואך...

לייבקע. ווער?

זיאַמקע. וואָראָשילאָוו!

לייבקע. איך ווייס ניט...

א שיסערײַ אינדערווײַט צערײַסט די שטילקײַט.

לייבקע. זיאמקע!..

זיאַמקע. דאָס גיבן אונדזערע כעוורע פּולווער די לעגיאָנערן.

לייבקע. די לעגיאָנערן שטייען זייער נאָענט. אין פּאַרק האָט מען הײַנט דערציילט, אַז זיי וועלן פאַרכאַפּן די שטאָט און אויסשנײַדן אַלע באָלשעוויקעס און רויטאַרמייער.

זיאַמקע. פאַר פאַרשפּרייטן אַזעלכע קלאַנגען האָט מען געדאַרפט אַרעסטירן.

לייבקע. מע שיסט! מע...

זיאַמקע. שווײַג! לאָז הערן! ווידער שטיל געוואָרן... (א געוווי פון פאַבריק־סירענעס) יאָ, אין שטאָט מוז עפּעס פאָרקומען... די פאַבריקן רופן צוהילפ די אַרבעטער. עך, ווי זיי רופן, ווי לעבעדיקע מענטשן...

לייבקע. אין טומל וועט מען אָן אונדז פאַרגעסן.

**זיאמקע.** דער קאָמאנדיר וועט ניט פארגעסן... ער וועט שיקן א פארבײַט.

**לייבקע.** אײדער ער וועט שיקן, וועלן מיר דאָ פארפרוירן ווערן... זע, זיאמקע, אפן וואָקזאל האָבן זיך אויסגעלאָשן די פײַערן... איצט זײַנען מיר פארלוירן... אינדערפינצטער וועט אונדז קײנער ניט דערזען.

**זיאמקע.** הער אוף... נו, הער אוף... מע וועט אונדז דערזען. דאכט זיך, מע גײט אהער...

**לייבקע.** יאָ, מע גײט... (פונדערפינצטער טײלן זיך אויס צוויי האנט־לאמטערנס. קײן מענטשן זעט מען ניט).

**סאוועלי.** ארויסגעטריבן... באַלעבאטים. פערציק יאָר געהיט די טורמע, גאָט צו דאנקען, קײנער ניט אנטלאָפן...

**וולאס.** מיר טויגן זײ ניט... פון אלטן רעזשים... באַלעבאטים... ארומקריכן איבער די ליניעס איז ניט פאר אונדז קײן ארבעט... עס ציט צוריק אין טורמע...

**סאוועלי.** שוין די לעצטע ארעסטאנטן ארויסגעשיקט פון שטאָט... עך, עך, עס וועט ניט זײַן וועמען צו היטן... די טורמע איז געבליבן לײדיק...

**וולאס.** דײַגע ניט, סאוועלי ניקיטיטש. ס׳וועלן זײַן נײַע... נאָך הײַנט פארנאכט וועלן זײַן נײַע... מיר זאָגט דאָס הארץ...

**לייבקע.** אהער! אהער!



**זיאמקע.** שטום! ווער גײט?

**לייבקע.** אהער! אהער!

**זיאמקע.** ווער גײט? שטײן אפ אן אָרט! פאראָל? איך וועל שיסן! (גרײט אָן די ביקס).

א הויכער געלעכטער. די צוויי האנט־לאמטערנס באלויכטן די ייִנגלעך. זיאמקע פארלירט זיך, נעמט צו די ביקס.

**וולאס.** סאוועלי... סאוועלי ניקיטיטש. נעם צו בא מיר דעם פאָנאר. נעם צו, ער וועט פלאצן פון געלעכטער... „פאראָל!“. „שטײ אפ אן אָרט!“. „איך וועל שיסן!“... וועמען וועסטו שיסן? מיך? מיט אײן האנט צעקוועטש איך דיך, ווי א זשאבע, ווי א קעצל... ווי א מויז... ענטפער — וואָס טוט איר דאָ?

**לייבקע.** מיר היטן... מע... די... קא... מענט... מע האָט אונדז באפוילן היטן... מיר זײַנען ניט שולדיק...

**זיאמקע.** מיר שטײען אפ דער וואך... און ביז ס׳וועט ניט קומען קײן פארבײַט, וועלן מיר פון־דאנען ניט אוועקגײן!

**וולאס.** „פארבײַט“. (הירזשעט).

**סאוועלי.** (צו וולאסן) געלאסענער, געלאסענער... (צו זיאמקען) כניאָקעס, הערט, וואָס צו אײַך רעדן על־טערע. וואַרפט גלײַך אוועק די ביקסן און אנט־לויפט... אנטלויפט... די שטאָט איז ארומגע־רינגלט... די לעגיאָנערן האָבן זיך דורכגעריסן און וועלן באלד דאָ זײַן...



זיאמקע קאָפּאַטש — אַרטיסט פּ. אומאַנעץ

**זיאַמקע.** און דער רויטאַרמייִשער אָטריאַד?

**וולאַס.** „אָטריאַד"... אַנטלאָפן...

**זיאַמקע.** אַ ליגן! ווען איך דאַרף ניט שטיין אויף דער וואַך, וואָלט איך אײַך פאַר אַזעלכע רייד אָפּגעפּירט אין שטאַב...

**סאַוועלי.** הײַנט בײַנאַכט וועלן זיי נאָך זײַן בײַ אונדז... ווי די פייגעלעך וועלן זיי זיצן...

**וולאַס.** מע דאַרף זיי לאָזן אַ גענויעם אַדרעס.

**סאַוועלי.** פרעגט, ייִנגעלעך, די שטאָט־טורמע... אַלע צימערן זײַנען פרײַ.

**וולאַס.** „פּאַראָל", „איך וועל שיסן"... שמענדריקעס גיט מען אַ ביקס אין האַנט!

**סאַוועלי.** גיך, גיך... קום!.. (אָפּ).

**לייבקע.** וואַרט... וואַרט... איך...

**זיאַמקע.** לייבקע!

**לייבקע.** זיאַמקע, לאָמיר זיך ראַטעווען... קיינער וועט ניט קומען... מע האָט אין אונדז פאַרגעסן... לאָמיר אַוועקוואַרפן די ביקסן און דורך זײַטיקע געסלעך אַוועקגיין אַהיים.

**זיאַמקע.** (בעט זיך) לייבקע, אויב דו רעדסט אויס נאָך איין וואָרט... (בײַסט די שטים) דערשטעך איך דיך מיט די אייגענע הענט... געדענק!..

**לייבקע.** איך שווײַג... איך שווײַג...

אַ געשלעג הינטערן וואָקזאַל. רויטאַרמייער טרעטן אָפּ. בײַ אַ ליכט פון פּראָזשעקטער זעען זיך נאָר שפּיזן פון ביקסן, אַ פּיקעס און פאָנען. אַ ליד פלעכט זיך אַרײַן צווישן אַ קאַנאָנאַדע.



זיאמקע קאַפּאַטש — אַרטיסט פּ. אומאַניעץ

**זיאמקע.** און דער רויטארמייִשער אָטריאַד?

**וולאַס.** „אָטריאַד“... אַנטלאָפֿן...

**זיאמקע.** אַ ליגן! ווען איך דאַרף ניט שטיין אַף דער וואַך, וואָלט איך אײַך פֿאַר אַזעלכע רייד אָפּגעפֿירט אין שטאַב...

**סאַוועלי.** הײַנט בײַנאַכט וועלן זיי נאָך זײַן בײַ אונדז... ווי די פֿייגעלעך וועלן זיי זיצן...

**וולאַס.** מע דאַרף זיי לאָזן אַ גענויעם אַדרעס.

**סאַוועלי.** פֿרעגט, ייִנגעלעך, די שטאָט־טורמע... אַלע צימערן זײַנען פֿרײַ.

**וולאַס.** „פּאַראָל“, „איך וועל שיסן“... שמענדריקעס גיט מען אַ ביקס אין האַנט!

**סאַוועלי.** געלאַסענער, געלאַסענער... קום!.. (אָפּ).

**לייבקע.** וואַרט... וואַרט... איך...

**זיאמקע.** לייבקע!

**לייבקע.** זיאמקע, לאָמיר זיך ראַטעווען... קיינער וועט ניט קומען... מע האָט אין אונדז פֿאַרגעסן... לאָמיר אַוועקוואַרפֿן די ביקסן און דורך זײַטיקע געסלעך אַוועקגיין אַהיים.

**זיאמקע.** (בעט זיך) לייבקע, אויב דו רעדסט אויס נאָך איין וואָרט... (בײַט די שטים) דערשטעך איך דיך מיט די אייגענע הענט... געדענק!..

**לייבקע.** איך שווײַג... איך שווײַג...

א געשלעג הינטערן וואָקזאַל. רויטאַרמייער טרעטן אָפּ. בײַ אַ ליכט פֿון פּראָזשעקטער זעען זיך נאָר שפּיזן פֿון ביקסן, אַ פּי־קעט און פֿאָנען. אַ ליד פֿלעכט זיך אַרײַן צווישן אַ קאַנאָנאַדע.

זיאמקע. אונדזערע זינגענ... אונדזערע זינגענ...
איכ ווייס די ליד. (זינגט מיט) עכ, ווי זיי זינגענ, אונ גאָר נאָענט...

אינ דער צײַט, ווענ זיאמקע קוקט אפ די אָפּטרעטנדיקע רויט־ארמייער אונ זינגט, באווײַזט זיכ פונדערפינצטערניש א פרויענ־פיגור. זי גייט צו גאָר נאָענט צו דער טעפּלושקע. לייבקע דער־זעט זי. רופט שטיל.

לייבקע. מאמע!
די פיגור. (רופט בלויז מיט די הענט) קומ! קומ!..
לייבקע. איכ גיי, מאמע! (שטעלט אוועק די ביקס אונ פארשווינדט אינײנעם מיט דער פרויענ־פיגור).
זיאמקע. לייבקע, לייבקע... ליי... (קוקט זיכ ארומ. אפנ אָרט פונ לייבקענ שטייט אָנגעשפּארט אָנ טעפּלושקע זײַנ ביקס. זיאמקע גייט צו נאָענט צו דער ביקס, שטעלט זי אוועק נעבנ זיכ) אנטלאָפנ. איצט בינ איכ געבליבנ אליינ... אונ דאָס געזאנג האָט זיכ אָפּגעריסנ. אונ ווו איז איצט דער קאָמאנדיר? קאלט... ניינ... ער האָט ניט פארגעסנ... ער וועט שיקנ א פארבײַט... אונ די פײַערנ אומעטומ אויס־געלאָשנ... אונ מיר איז א האָר ניט קאלט... מע טאָר ניט אײַנשלאָפנ... מאראט האָט געזאָגט, אז מע טאָר ניט אײַנשלאָפנ... עס ציט... אונטערנ הארצנ ציט... ציט... אונ דער קאָפּ שווינדלט... שלאָפנ, ניינ, ניינ, מע טאָר ניט. די פיס פרירנ... עס וועט קומענ א פארבײַט... לייבסע... לייבקע, עס וועט קומענ? (זינגט) פונ סיביר שיקט דײַנ

טאטע... שטיי אף אַן אָרט! פאַראַל... איך וויל אַזוי שלאָפן... (ער זעצט זיך אַראָפּ אַף די טרעפּלעך, נעמט אַרום די ביקס, פאַרמאַכט די אויגן. זײַן קאָפּ זינקט אַלץ נידעריקער, נידעריקער אַף דער ביקס, נורעט זיך אײַן אין קאָלנער פון שינעל. די ביקס פאַלט אַרויס פון די פאַרפרוירענע הענט. ער כאַפּט זיך אוף. אָבער דער קאָפּ איז, קאָנטיק, שווער און זינקט צוריק אין קאָלנער פון שינעל. א ווײַלע איז שטיל... אינדערווײַט דערזעען זיך לאַמטערנס. די לאַמטערנס זוכן צווישן די באַנען, באַווײַזן זיך, ווערן פאַרפאַלן, אייִנציקווײַז און גרופּעסווײַז... קומען זיך צונויף און גייען זיך פאַנאַנדער. א סופּערײַ און געשרייען).

ס א ו ו ע ל י. אָט דאָ, אָט דאָ, אַף דער זיבעטער ליניע דאַרפן זיי זײַן!

ו ו ל א ס. נאָרוואָס האָב איך זיי געזען, זאַלבעצווייט זײַנען זיי געשטאַנען אַפן פּאָסט... א טעפּלושקע געהיט.

ז י א מ ק ע. (כאַפּט זיך אוף, הערט זיך אײַן, ציט די פאַרפרוירענע ביינער, כאַפּט די ביקס, גלײַכט זיך מיליטעריש אויס) זיי גייען, א פאַרבײַט אהער גייט... אהער! אהער! אָט בין איך... כאַווייִרים, אָט בין...

ב ר א מ ע ק. (פּוילישער סערזשאַנט) אַרומרינגלען די טעפּלושקע!

ס א ו ו ע ל י. געפּאַקט!

ו ו ל א ס. ער איז דאָ, דער העכט!

ז י א מ ק ע. לעגיאָנערן... קיין טראָט ווײַטער!.. איך וועל... שיסן... פאַראַל!



ב ר א מ ע ק. צוויי לעגיאָנערן, דרײַ טריט פאָרויס, די ביקסן גרייט! (בײַ דער שײַן פון די לאַמטערנס זעט מען א גרופּע רויטאַרמייער זײַנען אַרומגערינגלט פון אַלע זײַטן מיט א גרופּע לעגיאָנערן. קאָנטיק, אַז נאָרוואָס האָט מען זיי גענומען אין געפענקעניש. אַנדריי איז צווישן זיי, נאָר מע זעט אים ניט. ערשט שפּעטער וועט מען אים באַמערקן)

הײ, דו, הינטישע נעשאָמע, די ביקס אַף דער ערד! נו, איך צייל ביז פינף! איינס־צוויי־דרײַ...

א ש ט י ם. האַלט! (פון צווישן די אַרעסטירטע רויטאַרמייער גייט אַרויס אַנדריי קודריאַווצעוו. די הענט פאַרבונדן אַף הינטן מיט א בלוטיקן שראַם אַפן שטערן, ער שטעלט זיך אַנטקעגן זיאַמקען) מאַראַט!

ז י א מ ק ע. קאָמאַנדיר!

ק ו ד ר י א ו ו צ ע ו ו. איך באַפרײַ דיך פון פּאָסטן, גיב אָפּ די ביקס!

ז י א מ ק ע. איך פאָלג, קאָמאַנדיר!

ב ר א מ ע ק. נעמט אים!

ז י א מ ק ע. איך גיי, איך וועל אַליין... (שטעלט זיך נעבן קאָמאַנדיר).

ב ר א מ ע ק. מע דאַרף רופן אַן אַם און גיבן דעם קינד אַביסעלע מילך, ער וועט זיך באַלד פאַנאַנדערוויינען... אַן אַרמיי פון זויג־קינדער צונויפגעקליבן... (געלעכטער צווישן די לעגיאָנערן).

ק ו ד ר י א ו ו צ ע ו ו. (זייער רויִק) איך האָב ניט געוווּסט, הער סערזשאַנט, אַז בײַם געבן א קינד מילך רופט מען אַרויס צוויי געזונטע... אידיאָטן...



אנדריי קודריאַווצעוו — אַרטיסט פּ. מיכניעוויטש

(ווײַזט אױף די לעגיאָנערן) און אַ דריטער באַלוואַן...
(ווײַזט אויפֿן סערזשאַנט) ציילט ביז פֿינף... (אַ געלעכטער
צווישן די רויטאַרמייער) קום, זיאַמקע!

זיאַמקע. כאַוואַר קאָמאַנדיר, איר וועט דערציילן,
אַז איך האָב דעם פּאָסט פּרײַוויליק ניט פֿאַר-
לאָזט?

בראַמעק. צעשיידן!

זיאַמקע. מע דאַרף אונדז ניט צעשיידן, ער איז
מײַן קאָמאַנדיר!

בראַמעק. שטומען! (מע צעשיידט זיי) מאַרש!

פֿונדערווײַטן — אָפּהילכן פֿון לעצטע שלאַכטן און שטיקלעך פֿון
אַ צעריסענער ליד. זיאַמקע גייט אין אַרומרינגלונג פֿון די
לעגיאָנערן, שעפּטשעט בלויז מיט די ליפּן דעם מאָטיוו פֿון ליד.

בראַמעק. (קוקט אויף זיאַמקען) דעם קינד האָט זיך פֿאַר-
וואָלט זינגען. פֿאַרדרייט אים די הענט, ווי זײַן
קאָמאַנדיר!

צוויי לעגיאָנערן פֿאַרדרייען זיאַמקען די הענט אויף הינטן,
פֿאַרבינדן מיט אַ שטריק.

קודריאַווצעוו. זיאַמקע, עס טוט שטאַרק וויי?

זיאַמקע. ניין, כאַוואַר קאָמאַנדיר. עס טוט ניט
וויי... איך פֿיל גאָרניט... (זיאַמקע פֿאַרקריצט די ציין,
האַלט אײַן דאָס געוויין. מע פֿירט זיי אַוועק).



אנדריי קודריאווצעוו — ארטיסט פ. מיכניעוויטש

(ווײַזט אפ די לעגיאָנערן) און א דריטער באַלוואַנ...
(ווײַזט אפן סערזשאנט) ציילט ביז פינפ... (א געלעכטער צווישן די רויטארמייער) קום, זיאמקע!

**זיאמקע.** כאווער קאָמאנדיר, איר וועט דערציילן, אז איך האָב דעם פאָסט פרײַוויליק ניט פאר-לאָזט?

**בראמעק.** צעשיידן!

**זיאמקע.** מע דארפ אונדז ניט צעשיידן, ער איז מײַן קאָמאנדיר!

**בראמעק.** שטומען! (מע צעשיידט זיי) מארש!

פונדערווײַטס — אָפהילכן פון לעצטע שלאכטן און שטיקלעך פון א צעריסענער ליד. זיאמקע גייט אין ארומרינגלונג פון די לעגיאָנערן, שעפטשעט בלויז מיט די ליפן דעם מאָטיוו פון ליד.

**בראמעק.** (קוקט אפ זיאמקען) דעם קינד האָט זיך פאר-וואָלט זינגען. פארדרייט אים די הענט, ווי זײַן קאָמאנדיר!

צוויי לעגיאָנערן פארדרייען זיאמקען די הענט אפ הינטן, פארבינדן מיט א שטריק.

**קודריאווצעוו.** זיאמקע, עס טוט שטארק וויי?

**זיאמקע.** ניין, כאווער קאָמאנדיר. עס טוט ניט וויי... איך פיל גאָרניט... (זיאמקע פארקריצט די ציין, האלט אײַן דאָס געוויין. מע פירט זיי אוועק).

## צווייט בילד

### אין טורמע

אלגעמיינע קאמער פון די ארעסטירטע רויטארמייער. אין צוויי וואָכן ארום נאָך דער נאכט בא דער טעפּלושקע. די רויטארמייער—פארוואָקסן, אָפּגעריסן, אויסגעהונגערט. מע ליגט אף די נארעס. פרימאָרגן. א קליינער פאס ליכטיקייט און א שטיקל הימל דערציילן, אז אין דרויסן איז א זוניקער ווינ־טער־טאָג. זיאמקע שטייט באם פענצטערל און זינגט.

**זיאמקע.**

אָדלערל, אָדלערל, שטאָלצער פויגל,
פארשפּרייט דיינע פליגעלעך ברייט.
און זאָג אונדזער קאלע,
זאָג אונדזער מאמען:
ליבע, עס דערווארט אונדז דער טויט.

**אלע.**

און זאָג אונדזער קאלע,
און זאָג אונדזער מאמען:
ליבע, עס דערווארט אונדז דער טויט.

**זיאמקע.**

אָדלערל, פרייַנט יונגער,
פלי איבער גרענעצ,
דורך כמארע, דורך שטורעם, דורך שניי,
און טרעפסט דאָרטן לענינען,
א גרוס גיב אים איבער
און זאָג אים, מיר זייַנען בא זיי.

עאל.

און טרעפסטו דאָרט לענינען,
א גרוס גיב אים איבער,
און זאָג, מיר זײַנען בא זיי.

**אדאם זאפאלקע.** זיאמקע, א גוט לידל האָסטו אויסגעטראכט. ווערטער גוטע. און אינדרויסן איז, קאָנטיק, הײַנט ווארעם. און דער הימל — בלוי... נאָך א כוידעש און עס קומט דער פרילינג... גוט איז א פרילינג־פרימאָרגן אין פעלד. די ערד איז רײַף און אָנגעקוואָלן. גייסט דורך מיטן אקער א פאָר מאָל, דערפרייט זיך די ערד, מאמעש ווי א לעבעדיק קינד, ווען מע גלעט עס איבערן קעפל. און לאנג וועלן מיר דאָ נאָך פוילן?

**קאזימיר.** הונדערט יאָר וועלן מיר דאָ זיצן... אז קיינער ווייסט ניט, וווּ מיר זײַנען אהינגעקומען. מע דארף צוטראכטן. איך זאָג, מע דארף צוטראכטן...

**מיקאָלקע.** און איך זאָג, אז מע וואָלט אונדז שוין לאנג אויסגעביטן: צוויי לעגיאָנערן פאר איין רויטארמייער וואָלט מען אויסגעביטן, ווען מע ווייסט, אז מיר זײַנען אין געפענקעניש...

**זיאמקע.** דרײַ! דרײַ לעגיאָנערן פאר איין רויט־ארמייער. מער זײַנען זיי ניט ווערט!

**זאפאלקע.** דרײַ! זאָל זײַן דרײַ! און ווי קומט עס פאָר דאָס אויסבײַטן? מע שרײַבט זיך פריער



דורך, אָדער מע רעדט זיך פאָשעט צונויף, אָדער ווי?

**זיאמקע.** זייער פאָשעט. שטעלט זיך פאָר, אָט דאָ איז די גרענעץ, (באַווײַזט אף א ברעט, וואָס צעטיילט די קאמער אף צוויי העלפטן) פון איין זײַט — די רויטע ארמיי, דער שטאב און דער גאנצער סאָוונארקאָם... פון דער אנדערער זײַט — די פוילישע לעגיאָנערן...

**זאפאלקע.** און זייער שטאב?

**קאזימיר.** און זייער רעגירונג?

**זיאמקע.** בא זיי איז נישטאָ קיין שטאב און קיין רעגירונג.

**זאפאלקע.** רעדסט נארישקײַטן... בא זיי איז אויך פאראן א שטאב און א רעגירונג.

**זיאמקע.** (אומצופרידן) אויך מיר א שטאב און א רעגירונג. עטלעכע אָפיצערן און פריצים. נו, גוט, גוט... פון דער אנדערער זײַט—זייער „שטאב” און „רעגירונג”... מע פירט אונדז צו גאָר נאָענט צו דער גרענעץ. די הארמאטן הערן אוף שיסן, די ביקסן שווײַגן, ארום איז שטיל. פלוצלינג לייענט א ווײַסער אָפיצער פון פוילישן שטאב:

— אדאם זאפאלקע!

**זאפאלקע.** אן אָרעמער ליטווישער פויער פון קאָוונער גובערניע. דו מאכסט דרײַ טריט פאָרויס, לויטן אוסטאוו.

**זיאמקע.** אן אָרעמער ליטווישער פויער פון קאָוונער גובערניע...

— ווּ זיך געשלאָגן? — פרעגט מען פון אונדזער שטאַב.

— אין פערטן רויטארמייִשן אָטריאַד אונטער דער קאָמאַנדע פון אנדריי קודריאַווצעוו!

— אויסבײַטן! — זאָגט לענין.

— וויפל?

— איין לעגיאָנער.

— וויניק — ענטפערט מען פון פוילישן שטאַב.

— צוויי.

— וויניק.

— דרײַ.

— וויניק.

— פיר לעגיאָנערן.

— ער איז יורט — זאָגט וואָראָשילאָוו... מע גיט זיי אוועק פיר שמאַטאָווע לעגיאָנערן און מע נעמט דיך אריבער אף אונדזער זײַט...

— זיאַמקע קאָפּאַטש, א שוסטער־ייִנגל.

— ווּ זיך געשלאָגן?

— אין פערטן רויטארמייִשן אָטריאַד אונטער דער אָנפירונג פון אנדריי קודריאַווצעוו!

— אויסבײַטן! — זאָגט ווידער לענין.

— וויפל?

— איין לעגיאָנער.

— וויניק.

— צוויי לעגיאָנערן.

— וויניק.



— דרײַ לעגיאָנערן.

— וויניק.

— פיר לעגיאָנערן.

— וויניק. פינף לעגיאָנערן פאָדערן מיר פאר אים.

וווּנדערן זיך אלע, גייען צו נעענטער, באַטראַכטן מיך פון אלע זײַטן, און וואָראָשילאָוו פרעגט:

— פאַרוואָס אַזויפיל לעגיאָנערן, פאַרוואָס?.. ער איז דאָך נאָך גאָר א קליינ ייִנגל. דאָ גייט ארויס אונדזער קאָמאַנדיר און דערציילט, ווי אזוי איך האָב אין א פראָסטיקער נאכט געהיט די טעפּלושקע און פון פּאָסט ניט אוועק, ביז ער האָט מיר ניט געזאָגט דעם פּאַראָל.

— איר באַקומט פינף לעגיאָנערן! — גיט אָפּ א באַפעל וואָראָשילאָוו...

**זאַפּאַלקע.** זאָל זײַן פינף, כאַפּט זיי דער רוּעך...

**קאַזימיר.** ווײַטער? ווײַטער?..

**מיקאָלקע.** דערצייל, וואָס איז ווײַטער געווען?

**זיאַמקע.** (פארלירט זיך) ווײַטער... וואָס איז ווײַטער געווען?.. יאָ, גייען מיר אריבער די גרענעץ... די הארמאַטן הייבן אָן אפּסנײַ צו קלאַפּן... די ביקסן שיסן... מוזיק שפּילט... אונדז הוידעט מען איבערלופטן — אורא!.. אורא!.. און דער כאַוווער לענין אליין צעקושט זיך מיט אונדז... וואָס לאַכט איר? מיט אײַך עפּשער ניט און מיט מיר וועט ער זיך צעקושן.

**מיקאָלע.** עס קאָן ניט זײַן — לענין!

קאזימיר. פארוואָס קאָן ניט זײַן? יעדער רויטארמייער איז אים טײַער, ווי א ברודער.

זיאמקע. (לויפט אופגעטראָגן פון איינעם צום צווייטן) ריכטיק, ריכטיק, ווי א ברודער!

זאפּאלקע. גוט, נו, שא, לאָמיר זיך פאָרשטעלן, אז דו האָסט זיך שוין צעקושט מיטן כאווער לעניג, וואָס איז ווײַטער?

זיאמקע. נו, דערנאָך גיט אָפּ דער כאווער קאָמאנדיר א באפעל, אז מע זאָל אונדז ווידער פארעכענען אפ אלע מינים קעסט און קליידער... און מיך שיקט מען אוועק אפ ראַזוועדקע... אָט ווי ס'וועט זײַן...

זאפּאלקע. אזא יונג שעפּסל, און ווי דער קאָפּ ארבעט... זיאמקע, און מאָסקווע איז ווײַט פון דאנען?

זיאמקע. ניין, ניט ווײַט. מע דארף פאָרן אפ מאָלאָדעטשנע. דאָרט א פּערעסיאדקע. דערנאָך גייט א גלײַכער וועג קיין מאָסקווע. (אלע לאכן).

זאפּאלקע. נו, גענוג, כעוורע, וועקט די ראָטע. זיך פאנאנדערגעשלאָפן, ווי אפ א דאטשע...

זיאמקע, מיקאָלע, קאזימיר, זאפּאלקע הייבן אָן וועקן די שלאָפנדיקע רויטארמייער, וואָס ליגן אם די נארעס. יעדער פון זיי האָט זײַן מעטאָד פון אופוועקן: איינער קיצלט מיט א שטרוי אין די פּיאטעס; איינער זינגט מיט א בייסוילעמשטים עפּעס א קלויסטער־ניגן; איינער רײַבט די אויערן. זיאמקע שרײַט ארײַן פיאָדערן אין אויער: „פעדקע עס



ברענט!..“ פעדקע כאפּט זיך אוף, שרײַט צעטראָגן: „ווו ברענט? וואָס ברענט?“.

זאפּאלקע. דײַן מאַיאָנטעק האָט אָפּגעברענט, דו ביסט געבליבן, פעדקע, א קאפּצן. אלע אופגעשטאנען?

זיאמקע. אלע, כאווער אדאם!

זאפּאלקע. אין איין גלײַכער שערענגע שטעלט זיך אויס (אלע שטעלן זיך אויס), לויט דער אָרדענונג פון די נומערן ציילט זיך!

די רויטארמייער. ערשטער, צווייטער, דריטער, פערטער, פינפטער, זעקסטער, זיבעטער.

זאפּאלקע. איינער פון צווייטן — אפ א מעהאלעך פון אן אויסגעצויגענער האנט. איינס! (די רויטארמייער רוקן זיך פאנאנדער) איצט, כאווײרים, וועלן מיר אביסל א טרײַב טאָן דאָס בלוט אין די אָדערן. פון אסאך שלאָפן ווערט מען פעט... רויטארמייער, ווו זיי זאָלן זיך ניט געפינען, דארפן היטן דאָס געזונט אפ צעפּלאצעניש די בורזשויען פון דער גאנצער וועלט. הערן מײַן קאָמאנדע: ארײַנאָטעמען א פולע ברוסט, אראָפּזעצן זיך אפ די שפּיץ פינגער. אופהייבן זיך. אָט אזוי, איינס, צוויי. (די רויטארמייער מאכן פארשיידענע איבונגען, מע שפּרינגט איינער איבער דעם צווייטן. מיקאָלע דערלויפט עטלעכע מאָל צום אָנגעבויגענעם כאווער, און אלעמאָל דערשרעקט ער זיך און טרעט אָפּ, לויפט נאָכאמאָל און טרעט ווידער אָפּ. געלעכטער).

מיקאָלע. (צו זאַפּאַלקען) באַפֿרײַ, כאָווער זאַפּאַלקע... די פֿיס שטערן... אַז בײַ מיר זײַנען ניט קיין פּראָפּאָרציאָנעלע פֿיס... וואָס בין איך שולדיק... ווען איך בין אַלט געווען נײַן יאָר, זײַנען שוין דעם טאַטנס שטיוול געווען קליין אויף מיר, ניט אַרופֿגעקראָכן...

זיאַמקע. אַזוי טאַקע... גרויסע פֿיס בײַ אים...

מיקאָלע. אין וועלט־מאַסשטאַב... איר לאַכט... און בײַ מיר איז עס דאָס סאַמע ווײַטיקסטע אָרט אין מײַן גאַנצן אָרגאַניזם. און פֿון וואַנען האָבן זיך גענומען צו מיר אַזוינע העלפֿאַנטן? — ווייס איך ניט...

זאַפּאַלקע. פֿון באָרוועס גיין. אויף דער פֿרײַער לופֿט וואַקסן די פֿיס...

מיקאָלע. דו וויצלסט זיך, און איך האָב אַ קאַלע איבער די פֿאַרשאָלטענע פֿאַרלוירן.

פיאָדער. דערצייל, דערצייל, שעם זיך ניט, אײַ־גענע מענטשן.

מיקאָלע. וואָס איז דאָ צו דערציילן? איידער איך בין אַוועק פֿרײַוויליק אין אַרמיי, האָב איך געהאַט אַ קאַלע... זייער אַ דעליקאַטנע מיידל... אויף אויסנווייניק אַ גאַנצן ראָמאַן געקאָנט איבער־דערציילן... איך אַרבעט אַ גאַנצן טאָג, זי אַרבעט אַ גאַנצן טאָג, און בײַנאַכט שפּאַצירן מיר.

קאַזימיר. און טו טרעטסט איר אויף די פֿיס...

מיקאָלע. קיין איין מאָל ניט... איך גיי ווי אַ פּאַווע.



(נעמט אַ רויטאַרמייער אונטערן אָרעם) פֿאָרזיכטיק, דע־ליקאַטנע, באַמי זיך, די פֿיס זאָלן גיין אָן אַ זײַט. ווײַטער פֿון אַן אומגליק.

קאַזימיר. צי ניט. מיט וואָס האָט זיך געענדיקט?

זיאַמקע. זי האָט דערזען זײַנע קאָפּיטעס.

מיקאָלע. באַטאָג האָט עס געטראָפֿן... אַ ווײַלע האָט זי געקוקט פֿאַרוווּנדערט, דערנאָך איז זי אַנטלאָפֿן... אויף מאָרגן האָב איך באַקומען אַ בריוו. „פֿיל געשעצטער מיקאָלע אַפֿאַנאַסיעוויטש, ניט געקוקט, וואָס איר זײַט זייער אַ סטאַטעטש־נער באָכער, טרינקט ניט און שפּילט ניט אין קאָרטן, ווי אַנדערע, און ניט געקוקט, וואָס בײַ אײַך זײַנען געגרויזטע האָר, און אַלע שטריכן אין פּאָנעם זייער שיינע, נאָר די פֿיס זײַנען בײַ אײַך ניט קיין פּראָפּאָרציאָנעלע.

מיט ווייטעק אין האַרצן — ליזאַוועטע!"

עך, וואָס איז דאָ צו ריידן!

א קלאַפּערײַ אין וואַנט. אַלע פֿאַלן צו, הערן זיך אײַן.

זאַפּאַלקע. אָט אַ ווייטעק. אַלע טאָג קלאַפּט אַ כאַ־ווער אין וואַנט, האָט אונדז, קאָנטיק, זייער וויכ־טיקס צו זאָגן... און מיר זײַנען ווי טויבע... ווייסן ניט, וואָס ער רעדט צו אונדז. עפּשער האָט ער אונדז צו זאָגן עפּעס וויכטיקס.

קאַזימיר. כאַווײַרים, איך האָב זיך דערטראַכט... דערטראַכט... גיט אַ שטיקל קרײַד, איך האָב זיך

דערטראכט... גיט... אָט זעט... ס׳איז זייער פּאָשעט, שרייַבט אף דער נארע:

А, Б, В, Г, Д, Е, Ж, З, И, К, Л, М, Н, О, П, Р, С, Т, У, Ф, Х, Ц Ч, Ш, Щ, Э, Ю Я.

איצט וועלנ מיר אונטער יעדנ בּוכשטאבּ אונטערשטעלנ א ציפער, אונטער А — אנ איינס, אונטער Б — א צוויי... איכ וויל בּא אימ פרעגנ Кто ты, קלאפּ איכ צענ מאָל, — מאכ א האפּסאָקע, קלאפּ אכצנ מאָל — מאכ ווידער אנ איבּערייַס... דערנאָכ פערצנ מאָל...

*אלע גייענ צו צו דער וואנט, הערנ זיכ איינַ, ווי דער רויטארמייער קלאפּט. לויפנ צו דער נארע, ווו ס׳איז פארשריבּנ דער אלעפבּייז מיט די ציפערנ, זאָגנ אימ אונטער. פונ דער אנדערער זײַט ענטפערט מענ, אָבּער סע בּאקומט זיכ נאָרניט. אנטוישטע גייט מענ אוועק פונ דער וואנט, מע צעקריכט זיכ אף די נארעס. איינ זיאמקע בּלייַבּט שטיינ בּא דער וואנט, קלאפּט שטיל, קיינער ענטפערט ניט.*

ז א פּ א ל ק ע. זיאמקע, גענוג! זעסט דאָכ, אז ס׳בּאקומט זיכ ניט. ער פארשטייט ניט, וואָס מיר רעדנ מיט אימ.

ז י א מ ק ע. עס מאכט ניט אויס, פעטער אדאמ. זאָל ער הערנ, אז מיר רעדנ מיט אימ. פאָרט פריילעכער. אזוי מיינט ער, אז ער זיצט אליינ, און אזוי וועט זיכ אימ דאכטנ, אז ער איז מיט אונדז אינײַנעמ.



ז א פּ א ל ק ע. און עפּשער זיצט דאָרט דער קאָמאנדיר?

ז י א מ ק ע. ניינ, ניינ, דער קאָמאנדיר זיצט אינ קארצער, איכ ווייס.

מ י ק אָ ל ע. איכ האָבּ געהערט די נאכט טריט. ווידער ארויסגעפירט עמעצנ צעשיסנ.

ק א ז י מ י ר. אלע נאכט פירט מענ ארויס... אונדזערריי איז מיסטאמע ניט ווייַט.

ז א פּ א ל ק ע. מע האָט זיכ געדארפט פארבּינדנ מיטנ קאָמאנדיר. ער ווייסט געוויס דעמ אדרעס פונ פארטיי־קאָמיטעט.

ז י א מ ק ע. איכ וויל מיט אימ רעדנ, לאָזט מענ ניט, פונפאָרנט גייט א לעגיאָנער, פונהינטנ גייט א לעגיאָנער, און דער קאָמאנדיר איז אלעמאָל צווישנ זיי.

ק א ז י מ י ר. איכ האָבּ צוגעטראכט... כאוויירימ, איכ האָבּ צוגעטראכט... אינ צייַט פונ שפּאציר זאָל עמעצער פונ אונדז פאלנ אינ כאלאָשעס...

ז י א מ ק ע. איכ... איכ וועל פאלנ...

ז א פּ א ל ק ע. ווארט, ס׳איז, דאכט זיכ, א פּלאנ. און מיר הייבּנ אופ א טומל.

ק א ז י מ י ר. איכ האָבּ צוגעטראכט... און מיר שרייַענ, אז קודריאווצעוו איז א דאָקטער.

מ י ק אָ ל ע. מע מוז זיכ דערוויסנ דעמ אדרעס פונ פארטיי־קאָמיטעט. עס גייענ קלאנגענ, אז מע וויל אנדריושענ צעשיסנ...

זיאמקע. ניין, ניין, מע וועט אים אויסבײַטן... איך זאָג אײַך, מע וועט אים אויסבײַטן.

זאפאלקע. יאָ, פארשטייט זיך, אז מע וועט אים אויסבײַטן. אָבער דער פארטיי־קאָמיטעט מוז וויסן, אז אים דראָט א געפאר. זיאמקע, אויב איך טומל וועט צו דיר קודריאווצעוו צוגיין, דארפסטו...

זיאמקע. איך פארשטיי, איך פארשטיי, כאוויירים. מיר גייען אזוי אין א האלבן רינג, די לעגיאָנערן לעבן אונדז. פלוצים דערלאנג איך א פאל. אוי, אוי, ניט גוט... עס קראמפט... דער קאָמאנדיר לויפט צו... ראטעווע... ראטעווע... ניט גוט... דעם אדרעס פון פארטיי־קאָמיטעט, איך וועל זיך ארויסרײַסן אין שטאָט... אוי, ניט גוט...

אופזוער. (עפנט די טיר) אפן שפאציר איינציקווײַז, איינציקווײַז...

(אלע גייען ארויס)

## דריט בילד

### צעשיסן אָן טומל

אפן הויף. די ארעסטאנטן גייען אין א האלברונד. אָפגעזונדערט, צווישן צוויי לעגיאָנערן — אנדריי קודריאווצעוו. אינדערזײַט — א צימער פון דער וואכטע. זיגמונד קומט ארײַן. בראמעק שטייט אוף, גלײַכט זיך מיליטעריש אויס און בלײַבט אזוי שטיין די גאנצע צײַט, וואָס זיגמונד געפינט זיך אין צימער.



זיגמונד. וואָס גיט עס נײַעס, פרײַנט?

בראמעק. איך האָב די ערע ראפּאָרטירן אײַער הויכגעבוירט, אז אין דער צײַט פון מײַן דינסט איז אין דער אָנגעטרויטער מיר טורמע אלץ אין אָרדענונג.

זיגמונד. ניט אינגאנצן... מע האָט דעם ארעסטירטן אנדריי קודריאווצעוון ניט געדארפט הײַנט ארויסלאָזן אפן שפאציר.

בראמעק. אנטשולדיקט, מע קאָן אים גלײַך אוועקפירן צוריק אין קאמער.

זיגמונד. דו ביסט צו היציק. עס וועט ארויסרופן א כשאד בא די איבעריקע... ס'איז דאָ א באפעל, הײַנט באנאכט אים צעשיסן, אָבער מע דארף דאָס טאָן שטיל, אָן טומל... נאָכן שפאציר, ווען אלע וועלן שוין זײַן אין די קאמערן, רופט אים ארויס אפן לעצטן פארהער. איר מעגט אים מעלדן, אז אים איז געבליבן עטלעכע שאָ לעבן... עפשער וועט ער אָנהייבן רעדן... אלץ פארשטאנען?

בראמעק. גרייט דינען. אלץ וועט זײַן אין אָרדענונג. (זיגמונד אָפּ. בראמעק קלינגט. עס קומען ארײַן וולאס און סאוועלי): ניט לאָזן זיי רעדן אין צײַט פון שפאציר... אנדריי קודריאווצעוון אָפפירן אין קאמער פאר...

סאוועלי. פארשטאנען!

וולאס. ווען?

בראמעק. הײַנט צוועלף. קיינער דארף ניט וויסן

(בײדע אָפּ) צוועלף. (קוקט אפּן זײגער) גאנצע פערצן שאָ וועט ער נאָך אָטעמען, עסן, טרינקען, שלאָפן און האָפן... ליגן אַפ דער נארע און האָפן, אַז א נעס וועט געשען... ניטאָ קײן ניסים... איך האָב אים פײַנט... נאָך קײנמאָל אין לעבן האָב איך א מענטשן אַזױ ניט פײַנט געהאַט, װי דעם קודריאַווצעוון. הײַנט צוועלף וועל איך מיט אים פאַרענדיקן דעם דיספּוט... (נעמט דאָס טרײַבל) 1—15.

אין הויף איז זיאַמקע געפאַלן אין כאַלאָשעס. אַן אופרודע-רונג צווישן די אַרעסטאַנטן. עס דערטראָגן זיך אויסגע-שרייען.

זיאַמקע. אוי, ניט גוט, ראַטעוועט...
זאַפּאַלקע. דאָס ייִנגל שטאַרבט!
מיקאָלע. הילף! הילף!
קאַזימיר. קודריאַווצעוו איז א דאָקטער! הילף!

קודריאַווצעוו באַווײַזט זיאַמקען איבערגעבן א צעטעלע מיטן אַדרעס.

סאַוועלי. (קומט צו לויפן) געכאַלעשט... קאָפּאַטש...
בראַמעק. באַלוואַן! צוריק אין הויף! (בראַמעק אין הויף) קײנער זאָל ניט וואַגן נעענטער צוגײן... דאָס געווער גרייט! (די לעגיאָנערן נעמען אַרויס דאָס געווער. די אַרעסטאַנטן טרעטן אָפּ פונעם ליגנדיקן זיאַמקען) פאַרזעצן דעם שפּאַציר! טראָגט אים אָפּ אין וואַכטע!



סאַוועלי און װלאַס טראָגן אַרײַן זיאַמקען א פאַרכאַלעשטן.

סאַוועלי. (צו װלאַסן) שפּיליע אים אָפּ, שפּיליע אָפּ, קראַנק געוואָרן... געכאַלעשט... באַשפּריץ אים... עך... ניטאָ איצט קײן רעכטע אַרעסטאַנטן, ס׳איז גאָר א כאַרפּע אַזאַ ייִנגל צו האַלטן אין א רעכ-טער טורמע... צווײ וואָכן האָט מען אים געגעבן שלעכט עסן, פאַלט עס אין כאַלאָשעס.

סאַוועלי. אַמאָל זײַנען געווען אַרעסטאַנטן... לײבן! מע פלעגט זײ שטאָפּן אין מויל די בעסטע עסנ-וואַרג... פיר וואָכן אויסגעהאַלטן א הונגער-שטרײַק.

בראַמעק. נו, געקומען צו זיך? נאָך ניט? וואָס האָבן זײ געשריען, קודריאַווצעוו איז א דאָקטער... ציקאַווע... ער מוז היילן מאָגנקראַנקײַטן. איך וועל אים ווײַזן דעם צונג... אַנו, ברענג דעם דאָק-טער אַהער... (סאַוועלי און װלאַס אָפּ. בראַמעק—צו זיאַמקען) אָרעמ ייִנגעלע, ביסט, נעבעך, קראַנק גע-וואָרן... וועלן מיר אַפ דיר ראַכמאָנעס האָבן און אָפּפירן אין שפּיטאָל... דאָרט איז א גוטע לופט און עסן גיט מען גוט און דאָקטוירים. דאַן וועסט זיך דאָרטן אויסרוען... און אַנטלויפן פונדאָרט איז ניט שווער... נו, עפן די אויגן און דערצייל, וואָס האָט דיר דער קאָמאַנדיר געזאָגט, ווען ער איז צו דיר צוגעלאָפן... נו, האָב קײן מוירע ניט... איך וועל קײנעם ניט דערציילן... (טריט) עפן די

אויגנ, איכ בּאַפעל! (מע פירט אַרײַנ קודריאַװצעװנ; בּראַמעק גײט אים אַנטקעגנ, פאַרנױגט זיכ מיט אַ געמאַכ־טער העפלעכקײַט). כאַװער קאָמאַנדיר... זײער אַנגענעמענ אײַכ צו זענ... װײַזט זיכ אַרױס, איר זײַט אַ דאָקטער... פאַרװאָס האָט איר פריִער ניט געזאָגט, מיר װאָלטנ אײַכ אױסגענוצט לױטנ פאַכ... װוּ האָט איר געענדיקט דעמ מעדיצינישנ פאַקולטעט? אינ דרעזדענ אָדער אינ פּעטערבּורג? איר װײסט, איכ האָבּ זיכ דאָכ אױכ געקליבּנ זײַנ אַ דאָקטער...

קודריאַװצעװ. אינ אַ משוגאָים־הױז...

בּראַמעק. נײנ, איכ האָבּ זיכ געקליבּנ אַרבּעטנ צװישנ פאַרבּרעכער... אָט װאָס, איר װעט זײַנ געצװוּנגענ איבּעררײַסנ דעמ שפּאַציר. פונ מעדיצינישנ שטאַנדפּונקט איז אומגעזונט, װאָס טױטע גײענ אַרומ צװישנ לעבּעדיקע. איכ פאַרשטײ, אַז אײַער שטאַרקער פאַרלאַנג איז בּלײַבּנ איצט אַלײנ... אײַכ איז געבּליבּנ עטלעכע שאָ לעבּנ. פאַרשטײט זיכ, אַז אינ אײַער רעשוס איז פאַרלענגערנ די עטלעכע שאָ אינ אַסאַכ פרײדיקע יאָרנ... איר שװײַגט? דאַנ װעלנ מיר אױספּילנ אײַער פאַרלאַנג אונ אײַכ לאָזנ אַלײנ...

קודריאַװצעװ. מיר איז געבּליבּנ, זאָגט איר, עטלעכע שאָ לעבּנ?

בּראַמעק. אומגעפער... זיבּנ... אַכט... נײַנ... ניט מער פונ צענ שאָ.



קודריאַװצעװ. איר װילט װיסנ מײַנ פאַרלאַנג פאַרנ טױט?

בּראַמעק. פונ פּסיכאָלאָגישנ שטאַנדפּונקט איז זײער נײַגעריק װיסנ, װאָס פאַרלאַנגט אַ קאָמאַנדיר פונ דער רױטער אַרמײ פאַרנ טױט...

קודריאַװצעװ. אַ פּאָשעטע זאַכ: אײַכ אָנשפּײַענ אינ פּאָנעמ, װענ איר װאָלט פאַרמאָגט אַ פּאָנעמ.

בּראַמעק. פירט אימ אָפּ!

קודריאַװצעװ. איר װעט בּאַװײַזנ (גײט צו צו זיאַמקענ, בּײגט זיכ אײַנ, קושט אימ. הײבּט אָנ מיט שװערע, פּאַמעלכע טריט אַװעקגײנ. בּראַמעק קוקט אָפּ אימ אָנגעשטרענגט. זיאַמקע האַלט ניט אױס, דערלאַנגט זיכ אַ ריס צומ קאָמאַנדיר).

זיאַמקע. קאָמאַנדיר! גײט ניט... זײ װעלנ אײַכ...

קודריאַװצעװ. גיבּ איבּער אַ גרוס!

בּראַמעק. צוריק! צוריק... (קודריאַװצעװ אָפּ) צוריק, זאָגט מענ דיר. נו, בּארויִק זיכ... נאַ, טרינק... נו, בּארויִק זיכ... װי רופט מענ דיכ? זיאַמקע. יאָ, איז הער, זיאַמקע, לאָמיר רעדנ, װי דערװאַקסענע מענטשנ. זאָג, װאָס האָט ער דיר געזאָגט, װענ ער איז צוגעלאָפנ... זאָג, קײנער װעט ניט װיסנ! װיפל איז דיר יאָר? פופצנ. װעלנ מיר דיכ בּאַפרײַענ, װי אַ מינדעריעריקנ. אונ דו װעסט װידער זײַנ פרײַ... נו, רעד. איכ האָבּ קײנ צײַט ניט...

זיאַמקע. (מיט אײנ אָטעמ) מײַנ שטאַרקסטער פאַרלאַנג פאַרנ טױט איז אײַכ אָנשפּײַענ אינ פּאָנעמ,

ווענ איר וואָלט פארמאָגט א פּאָנעמ.

**בראמעק.** (ווארפט זיך אפ זיאמקענ) ענטפער! ענטפער, אז ניט דערשיס איך דיך, ווי א הינטל...

**זיאמקע.** ראטעוועט! ראטעוועט! ראטעוועט! מע שלאָגט!

אנ אופרעגונג צווישנ די ארעסטאנטנ, זיי לויפנ צו דער וואכטע.

**שטימענ.** מע שלאָגט זיאמקענ!

— מע קאטעוועט!

— ניט וואגנ אָנרירנ!

— אונטערצינדנ די טפיסע!

א געשלעג, א געלאָפּ. א קנויל צונויפגעפלאָכטענע קערפּערס קײַקלט זיך נעענטער צו דער וואכטע. סאוועלי קומט צו לויפנ פארסאפּעט, פארטומלט.

**סאוועלי.** א בונט! ראטעוועט זיך!

**וולאס.** איך וועל שיסנ! טרעט אָפּ, טרעט אָפּ!

**שטימענ.** גיט ארויס דאָס ייִנגל!

**בראמעק.** זיך דערשראָקנ, שיקורימ, גלײַך נאָך מיר! (אלע לויפנ ארויס).

**זיאמקע.** איך ווייס דעמ אדרעס פונ קאָמיטעט. וואָס טוט מענ? דעמ קאָמאנדיר וועט מענ שיסנ... (באמערקט, אז דאָס פענצטער פונ דער וואכטע איז אָנ גראַטעס, שפּרינגט ער ארופ אפ א בענקל, זעצט אויס א שויב, קלעטערט אפ דער וואנט. ווענ בראמעק, סאוועלי, וולאס שטופּנ ארײַנ א צעשלאָגענעמ זאפּאלקענ, הענגט שוינ זיאמקעס קערפּער פונ דער אנדערער זײַט פענצטער. נאָר די הענט אונ קאָפּ זעענ זיך. קאָנטיק, אז ער האָט מוירע שפּרינגענ. בראמעק באמערקט זיאמקעס אנטלויפנ, שיסט. זיאמקעס הענט פארלאָזנ דאָס פענצטער. ס'איז נית באוווּסט, צי ער איז אנטלאָפנ אָדער אראָפּגעפאלנ פונ דער אנדערער זײַט טפּיסע א טויטער. זאפּאלקע פארספּאָרט בראמעקנ מיטנ פּיסט אינ פּאָנעמ).

### פאָרהאנג

די ארבעט טרײַבט מיך פרי, ארויס
און לאָזט מיך שפעט צוריק.
אָ, פרעמד איז מיר מײַן אייגן לײַב,
אָ, פרעמד מײַן קינדס א בליק.

עטלעכע גיכע שאָסן אינדערווײַט. קיין גרויס וואונדער רופן זיי נית ארויס. מע איז שוין צוגעוווינט. איין לייבקע רעאגירט שטורמיש.

ל ײ ב ק ע. איך זאָג אײַך, קודריאווצעוו גרײַפט ווידער אָן אפ דער שטאָט... איך זאָג אײַך...

פ ע ט ר אָ. פלוידער ניט, „וואָיאקע"... גרײַפט אָן... און דו ווו ביסט? זיך דערשראָקן, א קאלטע נאכט געוועג. עכ...

ל ײ ב ק ע. דרײַסיק גראדוס... און די מאמע איז גע־קומען. די מאמע איז שולדיק, פעטראָ. דער פראָנט איז ניט ווײַט... לאָמיר איבערלויפן!

פ ע ט ר אָ. מיט זיאמקען וואָלט איך געלאָפן און מיט דיר איז מיר א ריזיקע... וועסט באגעגענען די מאמען און זיך אומקערן צוריק (געלעכטער).

ל ײ ב ק ע (שטעלט זיך אוף, דערלאנגט א קלאפ אין טיש מיטן קאבול) הערט אוף! הערט אוף!.. (קאָן ניט רעדן פאר באליידיקונג).

ש מ ו ע ל. וואָס האָט איר זיך אײַנגעגעסן... אפ יענעמס קאָפּ איז מען העלדן... איר הערט דאָך, ס'איז געווען א קאלטע נאכט.

ל ײ ב ק ע. ריכטיק, שמועל, און ארום איז פינצטער, אלע זײַנען אנטלאָפן, נאָר מיר זאלבעצווייט, אפ



# צווייטער אקט

## ערשט בילד

### אין ווארשטאט

א שוסטער־ווארשטאט. עטלעכע ארבעטער זיצן בא לאנגע טישן און נייען שטיוול פאר דער פוילישער ארמיי. ס'איז באטאָג, נאָר אין קאמער פון ווארשטאט איז טונקל. עס ברענען גרויסע צוויי גאז־לאָמפן, ווארפן צעדרייטע שווארצע שאָטנס אפ די הוילע ווענט. צווישן די ארבעטער געפינען זיך צוויי יינגלעך, — לייבקע — דערזעלבער; וואָס איז אנט־לאָפן פון דער וואך, און יאַן, א פויליש יינגל. שמועל, אן עלטערער ארבעטער, זינגט. די איבעריקע זינגען מיט.

ש מ ו ע ל.

איך האָב א קליינעם יינגעלע,
א זונעלע גאָר פײַן;
ווען איך דערזע אים, דאכט זיך מיר,
די גאנצע וועלט איז מײַן.

נאָר זעלטן, זעלטן זע איך אים,
מײַן שיינעם, ווען ער וואכט,
איך זע אים שטענדיק שלאָפנדיק,
איך זע אים נאָר באנאכט.

א פארוואָרפענער ליניע... עכ, ווענ איכ ווייס, ווו עס געפינט זיכ מײַנ אָטריאַד, צופוס וואָלט איכ אוועק!

שמועל. איר הערט? מיט יעדערנ קאָנ זיכ עס טרעפנ.

יאנ. ניט מיט יעדערנ... ווענ איכ וואָלט געווענ אפ זײַנ אָרט...

די באלעבאָסטע גייט אראָפ פונ די אויבערשטע טרעפלעכ. זי איז א פולע, שווערע יידענע מיט עטוואָס א קרומ מויל.

באלעבאָסטע. איר האָט ניט געהערט? דאכט זיכ, מע שיסט הינטער דער שטאָט. דאָס האָבנ זיכ די דײַטשנ גענומענ צו זיי... אינ מארק האָט מענ געזאָגט, אז די דײַטשנ גייענ אפ זיי...

יאנ. אָדער יאָ, אָדער ניינ... לייבקע, גיב דעמ קאבול!

באלעבאָסטע. וואָס „אָדער יאָ אָדער ניינ"? אז איכ זאָג דײַטשנ, דארפ זײַנ דײַטשנ, איכ בינ עלטער פונ דיר...

יאנ. וועט איר פריער שטארבנ.

באלעבאָסטע. וואָס האָסטו געזאָגט?

יאנ. איכ האָב געזאָגט, אז הײַנט אפ ווארמעס וועט אָדער זײַנ פלייש, אָדער ניט. לייבקע, גיב די שטיפטלעכ!

פעטראָ. כעוורע, ווארפט די ארבעט, גענוג. באלע-באָסטע, גיט ווארמעס!



באלעבאָסטע. א גאנצנ טאָג נאָר עסנ אונ עסנ...

פעטראָ. פארוואָס א גאנצנ טאָג? איכ בינ מאסקימ נאָר דרײַ מאָל אינ טאָג.

יאנ. אינדערפרי, לעמאָשל, א גלאָז קאקאאָ, א שטיק ברויט...

לייבקע. ווײַסנ!

יאנ. א שטיק ווײַסנ ברויט מיט פוטער.

לייבקע. אונ פונויבנ א דינ פענעצל קעז.

זאָרעכ. אונ מיר א טעפל קארטאָפל מיט א פעטנ קערטשער הערינג.

שמועל. א פאנטאזיע פונ א קאפצנ... א טעפל קארטאָפל...

באלעבאָסטע. אונ קארטאָפל אָנ הערינג וועט איר ניט פארדייענ? בא דער מאמענ צו בעסערס גע-ווינט?

שמועל. באלעבאָסטע, שווײַגט, מע האָט אײַכ קיינ וואָרט ניט געגעבנ. איר הערט דאָכ, מע בא-האנדלט וויכטיקע איניאָנימ.

באלעבאָסטע. וואָס? וואָס? שווײַגנ? בא זיכ אינ מאסטערסקאיא וועל איכ בא אײַכ בעטנ א וואָרט? אז ניט דערלעבנ זאָלנ מײַנע סאָנימ! מאגדע, מאגדע!

פעטראָ. נו, שא... איר מעגט רעדנ פונ אינדערפרי ביז באנאכט... יאנ, ווײַטער!

לייבקע. מיטעק!

יאנ. פריער פונ אלצ. א טעלערל געהאקטע הערינג



צווייטער אקט, ערשט בילד

מיט עסיק, אָדער לעבער מיט ציבלקעס — צול
אפעטיט. דערנאָך גייט דער עמעסער קרויט
אָדער א רײַזן־זופּ.

**לייבקע.** אפּ צווייטע...

**יאַן.** געבראָטענע גאנדז...

**לייבקע.** גארניר. דו האָסט פארגעסן גארניר...

**יאַן.** איך האָב זיך אויסגעלערנט פון דער באלע־באָסטע, זי פארגעסט אויך געבן גארניר...

**שמועל.** זי פארגעסט ביידע זאכן.

**פעטראָ.** ער מיינט, אי פלייש, אי גארניר... נו, גיט שוין אהער דעם קרופּניק און א ברויט, ס׳ציט בא דער נעשאָמע.

**באלעבאָסטע.** אזא אָזעס, אזוי רעדן מיט א באַלעבאָסטע. ווען ניט דער פארשאָלטענער אָטריאַד, וואָלט איך... מאגדע! מאגדע! טראָג דעם וואַרמעס! מענטשן שטארבן פון הונגער... א שטיקל ברויט ניט צו קריגן. מע ווערט דאָך פון זיי גליקלעך... מאגדע, מאגדע! ביסט טויב געוואָרן?

מאגדע—א יונגע ליטווישע שטוב־ארבעטערן, מיט העלע, ווי לײַן, האָר, בלויע אויגן—ברענגט צו שלעפּן א שווערן טאָפּ געקעכץ א לאבן ברויט.

**מאגדע.** עסט, מײַנע הינדעלעך! ציפּ, ציפּ... (לאכט, לויפט ארויס).

**יאַן.** כעוורע, ווארפט אראָפּ פון זיך די זאָקן און לאָזט זיך שווימען: עפשער וועט איר אפּן דעק

מיט עסיק, אָדער לעבער מיט ציבלקעס — צול אפעטיט. דערנאָך גייט דער עמעסער קרויט, אָדער א ריַיזן־יוך.

לייבקע. אף צווייטע...

יאַנ. געבראָטענע גאַנדז...

לייבקע. גאַרניר. דו האָסט פאַרגעסן גאַרניר...

יאַנ. איך האָב זיך אויסגעלערנט פון דער באַלע־באָסטע, זי פאַרגעסט אויך געבן גאַרניר...

שמועל. זי פאַרגעסט ביידע זאַכן.

פעטראָ. ער מיינט, אי פלייש, אי גאַרניר... נו, גיט שוין אהער דעם קרופּניק און א ברויט, ס׳ציט בא דער נעשאָמע.

באַלעבאָסטע. אזא אָזעס, אזוי רעדן מיט א באַ־לעבאָסטע. ווען ניט דער פאַרשאָלטענער אָטריאַד, וואָלט איך... מאַגדע! מאַגדע! טראָג דעם וואַר־מעס! מענטשן שטאַרבן פון הונגער... א שטיקל ברויט ניט צו קריגן. מע ווערט דאָך פון זיי גליקלעך... מאַגדע, מאַגדע! ביסט טויב געוואָרן?

מאַגדע — א יונגע ליטווישע שטוב־אַרבעטערן, מיט העלע, ווי ליַין, האָר, בלויע אויגן — ברענגט צו שלעפּן א שווערן טאָפּ געקעכץ א לאַבן ברויט.

מאַגדע. עסט, מיַינע הינדעלעך! ציפּ, ציפּ... (לאַכט, לויפט ארויס).

יאַנ. כעוורע, וואַרפט אראָפּ פון זיך די זאָקן און לאָזט זיך שווימען: עפשער וועט איר אפן דעק





צווייטער אקט, ערשט בילד

געפינען א גרויפּ. (א בעקיוונדיקער איבערגעטריבענער געלעכטער. מע וויל פּאָטער ווערן פון דער באַלעבאָסטע).

באלעבאָסטע. כא־כא־כא—און כאָ־כאָ־כאָ. (צו יאנען) אָפּדארן זאָל דיר דער צונג! אויסגערונען האָסטו געדארפט ווערן בא דער מאמען אין בויך, איידער דו ביסט געקומען אהער ארבעטן... מאגדע, מאגדע! גיב שוין אהער די טעלער! (אָפּ).

פעטראָ. פּאָטער געוואָרן פון דער פארזעעניש... זי פירט מיר איבער דעם אפּעטיט. דערלאנג איך א קוק אף איר מייַלכל, שטעלט זיך מיר דער ביסן אין האלדז.

מאריאנע. (קומט אריַין) א גוטמאָרגן, קינדערלעך! (זי קומט אריַין מיט צוויי קערבלעך „טאָרט",—אזוי האָט מען אינדערציַיט פון אָקופּאציע אָנגערופן שווארצע בולבע־באַבּקעס געמישט מיט מאקוכע.

שמועל. א גוטמאָרגן, א גוטמאָרגן, מאריאנע! דו ביסט געקומען פונקט צודערציַיט.

מאריאנע. איך קום שטענדיק צודערציַיט, די פיס ברעכן. אין די יונגע יאָרן פלעג איך אָפּטאנצן דריַי וואלסן, צוויי פּאדעספּאנען און פארבייַסן מיט א מאזורקע, אז די סטעליע פלעג זיך טרייסלען. די מעכאשייפע איז ניטאָ?

פעטראָ. אוועקגעשוועבט אין די הימלען. (גייט צו צו איר נעענטער, זוכט אין קערבל) געבראכט?

מאריאנע. אין קערבל גאָרנישט, אין קאָפּ אלץ! מע האָט מיך שוין היַינט דריַי מאָל באטאפּט.

שפּעטער, זעצ זיך...

זיאמקע לויפט אריַינ אַ צעשפּיליעטער, דערשראָקענער. בּא אים בּרענענ די אויגנ, ער קאָנ ניט כאַפּנ דעם אָטעם.

זיאמקע. א... א... נאָך מיר... יאָגנ זיך...

מאריאנע. א גלאָז וואסער... (מע דערלאנגט אים א גלאָז וואסער).

לייבּקע. זיאמקע!

פּעטראָ. שטומ, פּערד... א פּארטעכ אונ א שטיוול...

מאריאנע. א היטל, א רעקל. מאגדע, בּאהאלט זיַינע זאכנ אונ די שווארצע וועש... בּאגראָבּ, אז קיינ שעד זאָל ניט געפינענ...

זיאמקע. דער בּאלעבּאָס?

לייבּקע. אוועק אינ אינטענדאנטסטווע...

זיאמקע. איכ בּינ אנטלאָפנ פונ טורמע... אויבּ זיי וועלנ קומענ אהער? (קאָנ ניט רעדנ).

מאריאנע. בּיסטו... (רוימט אים אפּנ אויער) מע רופט דיכ דאָווידקע. דו ארבּעטסט שוינ דאָ צוויי יאָר, א יאָסעמ...

זיאמקע. (כאזערט מעכאניש איבּער) ארבּעט צוויי יאָר, מע רופט מיכ דאָווידקע. איכ פארשטיי... נאָכ וואסער.

מאריאנע. מאגדע, גיבּ אבּיסל וואסער, אונ איר, וואָס זיצט איר ווי נעכטיקע, פארציט א ליד אונ ארבּעט, אז א רויכ זאָל גייִנ!..

פּעטראָ. איר האָט אלע געהערט, ווער זיאמקע איז, ווי מע רופט אימ?



זאָרעכ. איכ וועל גייִנ אהיימ... בּא מיר איז קראנק דאָס וויַיבּ...

פּעטראָ. וואָסער וויַיבּ? דו האָסט זיך דאָך מיט איר געגעט.

זאָרעכ. (טוט זיך אָנ) ריכטיק, פריִער האָבּנ מיר זיכ געגעט, וויַיל אונדז איז געווענ אומעטיק צו לעבּנ איבּיינעמ, דערנאָכ איז אונדז אומעטיק געוואָרנ לעבּנ בּאזונדער, האָבּנ מיר ווידער כאסענע געהאט... א גוטע נאכט!..

פּעטראָ: קומ אהער! האלטנ דעמ צונג צווישנ די ציינ... קיינ וואָרט קיינעמ ניט, אז ניט, וועסטו בּאצאָלנ מיטנ קאָפּ. פארשטאנענ?

זאָרעכ. פארשטאנענ... קאָנספּיראציע... ווענ ניט דאָס קראנקע וויַיבּ... שמועל, דו גייסט? ניינ? האָט א גוטע נאכט... (אָפּ).

פּעטראָ. זיאמקע! איכ הייס זיכ דיר בּארויִקנ... הערסט? דו בּיסט פונ ערגעצ ניט אנטלאָפנ. דו ארבּעטסט דאָ אינ ווארשטאט. א ייִנגל. א יאָסעמ. די העמערלעכ אונ די מעסערס נעענטער. אויבּ מע וועט דארפנ, וועל איכ אָנהייבּנ. רויִק, פארציט א ליד!

שמועל.

בּאגלייטנ בּינ איכ דיר,
אוי, אוי, געגאנגענ
פונ טויער בּיז וואָקזאל.



מאגדע — ארט. באזילעוויטש

א ל ע.

פונ טויער ביז וואָקזאל.

ל ײ ב ק ע.

און אָנגעקוקשט זיך,
און אָנגעהאלדזט זיך,
און דער פּאָיעזד שטייט נאָך אלץ.

מ א ג ד ע. זיי גייענ!

פ ע ט ר אָ. העכער!

ש מ ו ע ל. איך האָב געמיינט, אז פונ דײַנע ווער־
טער וועל איך בויענ...

מ א ר י א נ ע. טאָרט, פּיראָזשנעס. עס צעגייט אינ
מויל...

עס רײַסנ זיך אריַינ א גרופּע לעגיאָנערנ.

ע ל ט ס ט ע ר. אופשטיינ! די הענט אינדערהייך! (אלע
שטייענ אוף, איינ זיאמקע בלײַבט זיצנ. ס'איז ניט באַוווּסט,
צי פונ שרעק האָט ער עס געטאָנ, צי אומיסטנ).

ע ל ט ס ט ע ר (חײַזט אפ זיאמקענ) היי, דו ביסט טויב
געוואָרנ?

מ א ר י א נ ע. הער אָפיצער, ער איז א טויבער אונ א
שטומער... (גייט צו צו זיאמקענ, הייבט אים אָנ טאָרענ...)
דאָווידקע... אומ... אומ... אומ...

זיאמקע פארשטייט, הייבט זיך אוף.

ע ל ט ס ט ע ר. זוכנ! אהער אינ הויף האָט מענ אָנגע־
וויזנ! זוכנ! ניט לאָזנ א ציגל אפ ציגל! אונ דו,
אלטע, וואָס טוסטו דאָ?



מאגדע — ארט. באזילעוויטש

**אלע.**

פונ טויער ביז וואָקזאל.

**לייבקע.**

אונ אָנגעקוקשט זיכ,<br>
אונ אָנגעהאלדזט זיכ,<br>
אונ דער פּאָיעזד שטייט נאָכ אלץ.

**מאגדע.** זיי גייענ!

**פּעטראָ.** העכער!

**שמועל.** איכ האָב געמיינט, אז פונ דיינע ווערטער וועל איכ בויענ...

**מאריאנע.** טאָרט, פּיראָזשנעס. עס צעגייט אינ מויל...

עס רייסנ זיכ אריינ א גרופּע לעגיאָנערנ.

**עלטסטער.** אופשטייט! די הענט אינדערהייכ! (אלע שטייענ אוּפ, איינ זיאמקע בלייבט זיצנ. ס'איז ניט באוווּסט, צי פונ שרעק האָט ער עס געטאָנ, צי אומיסטנ).

**עלטסטער** (ווייזט אפ זיאמקענ) היי, דו ביסט טויב געוואָרנ?

**מאריאנע.** הער אָפיצער, ער איז א טויבער אונ א שטומער... (גייט צו צו זיאמקענ, הייבט אימ אָנ טאָרענ...) דאָווידקע... אומ... אומ... אומ...

זיאמקע פארשטייט, הייבט זיכ אופ.

**עלטסטער.** זוכנ! אהער אינ הויפ האָט מענ אָנגעוויזנ! זוכנ! ניט לאָזנ א ציגל אפ ציגל! אונ דו, אלטע, וואָס טוסטו דאָ?

מאריאנע. איך פארקויף טאָרט... פרישינקע... איך קאָך אָפּ...

זיאמקע. (הייבט פּלוצלינג אָן זשעסטיקולירן, ווײַזן, דקרי־קלערן).

עלטסטער. וואָס באלעבעטשעט ער?

פעטראָ. וואָס? נו, ווײַז!

זיאמקע. אומ... אומ... אי, הא...

מאריאנע. ער זאָגט, הער אָפיצער, ווען ער איז גע־גאנגען אין הויף... (מאריאנע און זיאמקע זשעסטיקולירן) איך וויים ניט, אָפיצער, צוליב א גרויס אָדער צו־ליב א קליינס געשעפט...

עלטסטער. ניט וויכטיק... ווײַטער!

מאריאנע. האָט ער געזען, ווי א מענטש אָן א מאנטל, אין א היטל מיט א שפּיץ...

זיאמקע. אומ... אומ...

מאריאנע. איז דורכגעלאָפן דעם הויף, אריבער־געקלעטערט דעם פארקן און אוועקגעלאָפן צום טײַך...

זיאמקע. אומ... אומ...

עלטסטער. (צו די לעגיאָנערן) געפונען?

לעגיאָנערן. גאָרניט!

עלטסטער. איבערן פארקן, צום טײַך, מארש! זאָגט דעם שטומען, אויב מיר וועלן יענעם כאפּן, וועט ער באקומען א מאטאָנע!

מאריאנע. מיר דאנקען אײַך זייער. איר וועט אונדז ניט פארגעסן...

פּעטראָ. צו דער ארבעט! קיין וואָרט ניט! פארציט דאָס ליד! מאגדע, גיב א קוק אינדרויסן.

מאגדע. אוועק די הינט! זיאמקע, דו ווילסט עסן?

זיאמקע. עסן? יאָ, איך וויל שטארק עסן... אָבער איך דארף שוין גיין!

מאריאנע. דו וועסט אינערגעץ ניט גיין. דאָ וועסטו זיצן...

פּעטראָ. היץ זיך ניט, מאריאנע! דערצייל, ווי ביסטו אנטלאָפן?

זיאמקע. מע האָט אונדז ארויסגעפירט אפן שפּאַציר. איך בין געפאלן כאלאָשעס, קודריאווצעוו איז צוגעלאָפן...

פּעטראָ. ווארט, ווארט, קודריאווצעוו איז אין טפּיסע?

מאריאנע. אנדריי איז אין טפּיסע? גאָט מײַנער, וואָס קומט דאָ פאָר? זיאמקע, זיאמקעלע, דערצייל, אנדריי...

לייבקע. אבי מע האָט געזאָגט, אז אנדריי איז אפן פראָנט... און דו ביסט אויך דאָרט...

שמועל. איך וועל גיין אהיים... עפּעס ברעכט מיר דער רוקן. זיך געמוזט צוקילן.

וויקטאָר. זיאמקע, דו מוזסט פונדאנען אוועקגיין... זיי קאָנען זיך צוריק אומקערן, דאן גייען מיר אלע אפן דער טליע...



פּעטראָ. גייט גיכער אוועק, ראטעוועט די פעל... וויקטאָר, קום אהער... דו האָסט א לאנגן צונג און פלוידערסט, געדענק!

וויקטאָר. שרײַ ניט אפן מיר, אפן דעם אייגענעם קאָפּ ביסטו א באלעבאָס, און איך טו, ווי איך פארשטיי!

פּעטראָ. (נעמט ארויס פון וואנט א רעוואָלווער). נא, וויקטאָר, זײַ דו א באלעבאָס אפן מײַן קאָפּ! וואָס? זיך דערשראָקן? מיר איז מײַן קאָפּ ניט טײַער... נאָך א פופצן יאָר זיצן מיט א געבויגענעם רוקן און קלאפּן שטיפטלעך אין פארשטונקענעם לעדער... זיאמקע איז מײַן בלוט, מײַן פארשפּיגענע יוגנט. אויב צוליב דער שולד פון מײַן אייגענעם ברודער וועט טרעפן מיט אים אן אומגליק, וועל איך יענעם מיט די אלטע אויסגעהאָרעוועטע הענט דערשיסן... איצט קאָנט איר גיין, כאווייריםֹ, א גוטע נאכט!

שמועל. עפּשער בלײַבן? אויב דו הייסט בלײַבן...

פּעטראָ. ניין, מע דארף ניט... גייט, כאווייריםֹ. (א גרופּע ארבעטער אָפּ) דערצייל, זיאמקע, עס און דערצייל.

זיאמקע. איך בין הונגעריק. (הייבט אָן עסן, פארגעסט פאָרזעצן) בין איך געפאלן אין כאלאָשעס מיט א קיוון. מיר האָט גאָרניט וויי געטאָן. ווארט, ניט דאָס, יאָ. הײַנט וועט מען דעם קאָמאנדיר דערשיסן, און איך האָב דעם אדרעס.

פּעטראָ. (נעמט בא אים דעמ אדרעס, פאַרענדיקט די פראַזע) דו האָסט דעמ אדרעס פונ מײַנ וווינונג... מע דארפ גאָרניט דערציילנ...

מאריאנע. (איז פונ אָנהייב געוועַנ אזוי איבעראַשט פונ דער ידיעה, אז מע וועט צעשיסנ קודריאווצעווג, אז זי האָט קימאַט נים רעאגירט, בלויז מיט א פאַרשטיינערטנ בליק געקוקט אפ זיאמקענ. ווענ די ידיעה דערגייט צו איר מוח, טערשנ באוווּסטזײַנ, הייבט זי אָנ מאָדנע טרוקנ וויינענ, אָנ טרערנ לאָזט זי זיכ אראָפּ אפנ שטול) אנדריושע, זונ מײַנער!..

פּעטראָ. רויִק! מאריאנע, רויִק! מאגדע, גיב אביסל וואסער!

מאגדע. (נעמט זי ארום, גיט איר וואסער) טרינקט, מאַמעלע, מע וועט אימ ראטעווענ. איאָ, פּעטראָ?

מאריאנע. (קלײַבט צוזאמענ די גאנצע קויכעס, רוקט אָפּ פונ זיכ די גלאָז וואסער, שטעלט זיכ אויפ) איכ וויינ ניט, זעסט? איכ בינ רויִק... וואָס דארפ מענ טאָנ? פּעטראָ, גיב מיר גלײַכ אנ ארבעט, אז ניט, וועט בא מיר דאָס הארצ פּלאצנ. איכ בינ רויִק, פּעטראָ, גיב מיר אנ ארבעט!

פּעטראָ. גוט, לייבקע, יאנעק, גייט אפריִער אונ דערוויסט זיכ, צי דער וועג צומ טײַכ איז ריינ. אויב איר וועט וואָס באמערקנ, קומט זאָגנ... אויב דער וועג איז זיכער, גייט אהיימ. הײַנט ארבעט מענ ניט. (אָפּ) מאגדע, גיי גיב א קוק, וואָס טוט די מעכאשייפע. (מאגדע אָפּ) מאריאנע, גיב מיר דײַנ האנט. (ער נעמט איר האנט) מאריאנע, דו ביסט



אנדריושעס מאמע, פאַרשעמ אימ ניט. האלט זיכ רויִק. זיאמקע, אפ ווענ איז באשטימט די צעשיסונג?

זיאמקע. אינמיטנ נאכט, ווענ אלע שלאָפנ, פירט מענ זיי ארויס...

פּעטראָ. (קוקט אפנ זייגער) איצט איז צוועלפ. האָבנ מיר צענ... עלפ שאָ... דו פירסט גלײַכ אָפּ זיאמקענ צו גאָרדאָנענ אינ מיל, וועסט אימ איבערגעבנ דעמ אלטנ יאָזעפנ. ער וועט אימ אויסבאהאלטנ דאָרט. הייס פעלדמאנענ גלײַכ צונויפרופנ א זיצונג פונ פּארטיי־קאָמיטעט. איכ קומ גלײַכ. אלצ, גייט!

מאריאנע. אונ אנדריושענ, פּעטראָ?

פּעטראָ. אנדריושענ וועלנ מיר ראטעווענ. נו, גייט, גייט...

מאריאנע. א דאנק, פּעטראָ... א דאנק... איכ וועל זײַנ רויִק. קומ, זיאמקע!

מאגדע. (באווײַזט זיכ אפ די טרעפּ) שלאָפט ווי א געהארגעטע.

פּעטראָ. מאגדע, טו זיכ אָנ, גייסט מיט מיר.

מאגדע. גלײַכ... (זי ווארפט אפ זיכ ארופ א מאנטל. אָנ א טיכל) איכ בינ פאַרטיק.

פּעטראָ. וועסט אפ מיר ווארטנ אפנ ראָג... (מאגדע אָפּ. פּעטראָ גייט צו צו דער וואנט, נעמט ארויס דרײַ רעוואָלווערנ אונ א קײַלעכדיק פעקעלע, פארוקט אינ די קעשענעס, טוט זיכ אָנ. ס׳קומט ארײַנ דער באלעבאָס).

באַלעבאָס. היי, קיינער איז ניטאָ... ווו זײַנען מײַנע ברויטגעבער? ניטאָ? וואָס פאַר אַ יאָנטעוו אַפּ אײַער קאָפּ? אינמיטן העלן טאָג וואַרפט מען די אַרבעט... סאָרע־ביילע! סאָרע־ביילע!

פּעטראָ. שרײַט ניט, באַלעבאָס! דאָ איז געווען אַ קאָמיסיע פון אינטענדאַנטסטווע!..

באַלעבאָס. (ווערט קלענער) פונוואַנען? אינטענדאַנט־סטווע... אַ קאָמיסיע? וואָס איז?

פּעטראָ. און געהייסן איבערײַסן די אַרבעט, ווײַל איר שטעלט צו פאַר דער העלדישער אַרמיי שטיוול פון צעפוילטן לעדער... אַ גוטע נאַכט, „באַלעבאָס“!..

באַלעבאָס. אַ? וואָס? פאַרפוילטער לעדער? ווער זאָגט? סאָרע־ביילע! פּעטראָ, פּעטראָ, וואָס נאָך האָט זי געזאָגט, די קאָמיסיע?

פּעטראָ (פון טיר) זי האָט געזאָגט, זי האָט געזאָגט, אַז איר זײַט אַ גאַנעוו און אינגיכן וועט מען אײַך אופהענגען! אַ גוטע נאַכט!

באַלעבאָס. מיך אופהענגען?.. מאַגדע! מאַגדע! סאָרע־ביילע! פאַרפוילטער לעדער...

סאָרע־ביילע גייט אַראָפּ, האַלט זיך פאַרן בויך מיט ביידע הענט.

סאָרע־ביילע. וואָס שרײַסטו, ווי אַ מעשוגענער, בענציע? בײַ מיר אין בויך האָט זיך איבער־געדרייט עפּעס.





צווייטער אקט, ערשט בילד. דער באַלעבאָס און באַלעבאָסטע פון וואַרשטאַט

בּענציע. צוואנציק יאָר, ווי בּאַ דיר דרייט זיך אין
בּויך... בּאַ מיר דרייט זיך דער קאָפּ... לויף, געפינ
פינ דעם „סוואָד זאקאָנאָוו" צווישן די ספאָרים.
גיי, גיי, איך ריר זיך פון זינען. קו, ווער איז דאָ
געווען? נו, טראָג שוין דעם „סוואָד זאקאָנאָוו"
(לאָזט זי שטיין צעטומלט, לויפט אליין אפן צווייטן גאָרן).

סאָרע־בּיילע. ווו זײַנען די ארבּעטער? וואָס איז
דאָ פאָרגעקומען?

בּענציע. (שלעפּט אפּן קאָפּ דעם בּוך) לייען, זוך... פאר
צושטעלן שטיוול דער ארמיי פון פארפוילטן לע־
דער, לייען, וואָס קומט... פּאָ זאקאָנו, לייען...
(ביידע בּלעטערן, געפינען ניט, ער דערלאַנגט אים א וואָרף
אין דער ערד) ווארט, וועמען האָבּ איך דורכגע־
לאָזט? דעם אינטענדאַנט — הונדערט זלאָטעס גע־
געבּן; דעם צונעמער — אונטערגעשמירט; דעם
פארשרײַבּער — אונטערגעשמירט... סאָרע־בּיילע,
בּאַ דיר אף די פּלייצעס זיצט ניט קיין קאָפּ, נאָר
א פּוכיר וואסער... דעם קאָנטראָליאָר... דעם
קאָנטראָליאָר פון שטאָבּ האָבּ איך פארגעסן אונ־
טערשמירן. גיבּ דעם מאנטל גיכער, דעם מאנטל!
(טוט זיך אָן).

סאָרע־בּיילע. בּענציע, און אויבּ ער נעמט ניט?

בּענציע. בּעהיימע! ווען ער נעמט ניט, וואָלט מען
אים ניט געמאכט פאר קיין קאָנטראָליאָר... איך
לויף! גיבּ דערווײַל א קוק, וואָס קומט פאר צו־
שטעלן דער ארמיי שטיוול פון פארפוילטן לע־

דער און קאַרטאָנענע פּאָדעשוועס... פּאָ זאַקאָנו, וואָס קומט... (אָפּ).

סאָרע־בײלע. מאַגדע! וווּ איז דער „סוואָד זאַקאָנאָוו”? מאַגדע!

## צווייט בילד

### באַפרײַונג

אָוונט. אַ הילצערנער בריק הענגט נידעריק איבער אַ פאַרפרוירענעם טײַך. אינדערווײַט שטייט אַ טורמע, אַ פירגאָרנדיקער ציגל־מויער. די פענצטערלעך זײַנען באַלויכטן. פון ביידע זײַטן בריק ברענען אַלטמאָדישע גאַז־לאַמטערנס. הינטערן בריק ציט זיך אַ וואַלד. צוויי בירגער אין פעלצן.

ערשטער בירגער. מע זאָגט, אַז די העלדישע אַרמיי האָט געכאַפּט דעם עמעסן טערעבענטש הינטער דער שטאָט, זי לויפט, אײַער אַרמיי.

צווייטער בירגער. מײַן אַרמיי... איך פאַרקויף זי אײַך אַף קערן...

ערשטער. איך האָב שוין אָנגעגרייט אַ וויזע.

צווייטער. וויפל קאָסט?

ערשטער. צוויי הונדערט דאָלער.

צווייטער. איר קאָנט באַקומען נאָך איינע?

ערשטער. פאַר אַ גוטן פרײַנט וועל איך זיך באַמיִען.

צווייטער. וויפל פאַר דער טירכע?



ערשטער. 70 דאָלער.

צווייטער. 40 באַקומט איר.

ערשטער. וועט איר זיך קושן מיט די באָלשעוויקעס... (אָפּ).

אונטערן בריק: פּעטראָ, זיאַמקע, מאַריאַנע. זיי קומען פון באַזונדערע זײַטן.

פּעטראָ. דער וועג איז ריין?

זיאַמקע. ריין!

פּעטראָ. (קוקט אַפן זייגער) שוין צײַט. זיאַמקע, ניט באַמערקט מיטן וואַלד שאַרט זיך דורך צום ערשטן פּאָסט אַן אַלטע פּויערטע מיט אַ זעקל האָלץ. אַפן קאָפּ אַ שוואַרצע טוך. גיי פאַרבײַ, העלף איר איבערלייגן דעם זאַק האָלץ פון איין פּלייצע אַף דער צווייטער... זאָג, פּעטראָ מיט די זאַכן וואַרט אונטערן בריק. פאַרגעדענק גוט, וואָס זי וועט ענטפערן, און קום צוריק. פאָרזיכטיק. (זיאַמקע אָפּ) מאַריאַנע, וואָלסט עפּשער געגאַנגען אַהיים?

מאַריאַנע. ניין... ניין, איך וועל שטיין אַף מײַן אָרט. פּעטראָ, דו גלויבסט ניט, אַז אַ מוטערס האַרץ וועט זײַן רויִק? קאָנסט ניט די אַלטע מאַריאַנע... פרעג אַנדריושען. ניט איינמאָל האָב איך שוין געקוקט דעם טויט אין די אויגן. פאַרנעם זיך מיט מיר ווייניקער, זאָג, וואָס דאַרף איך טאָן?

פּעטראָ. שווײַג. שאַ! (אַפן בריק דרײַ לעגיאָנערן).

ערשטער לעגיאָנער. אַן אווירע רײַסן די

שטיוול... לאָמיר א ווײַלע שטיין. מיר וועלן נאָך באווײַזן פאר דער נאכט זיך אָנטאָפּטשען. ווער האָט א ציגאר? (רויכערן).

צווייטער. מע דארף זײַן פאָרזיכטיק. בראמעק איז הײַנט ווילד. שוין פיר מענטשן אפ דער האופּט־וואכטע פארטריבן... מע זאָגט, אז אינמיטן העלן טאָג בעיס א שפּאציר איז דאָס ייִנגל אנטלאָפן...

ערשטער. זיי זײַנען דרײַסט געוואָרן. דער פראָנט דערנענטערט זיך. אפן הויף איז הײַנט פאר־שטארקט די וואך, און בראמעק אליין קריכט ניט ארויס פון וואכטע...

דריטער. מע זאָגט, די רוסישע קאוואלעריע רוקט זיך אפ אונדז. אין עטלעכע טעג ארום וועלן זיי עסן מיטעק בא אונדז אין שטאָט... אלע האָבן צוגעזאָגט העלפן: די דײַטשן, ענגלענדער, פראנ־צויזן. און ווער ליגט אין די אָקאָפּע־גריבער? — דער פּוילישער כלאָפּ!

צווייטער. האלט דעם צונג צווישן די ציין. פאר אזוינע רייד קאָנסטו פארנעמען דאָס אָרט פונעם אנטלאָפענעם ייִנגל...

דריטער. גיי מאסער, וועסט באקומען א מעדאל פון בראמעקן.

צווייטער. ווען מיר זײַנען ניט אפן פּאָסטן, וואָלט איך דיר פאר אזוינע ווערטער פארפאָרן אין פּארצעף.

דריטער. זײַ ניט אינקאעס, איך האָב געשפּאסט...



דו ביסט א הייסער יונג, נאָר דער קאָפּ ארבעט בא דיר ניט שלעכט.

ערשטער. הערט זיך אוף קריגן. הערט, וואָס איך וועל אײַך זאָגן: (קוקט זיך אום) מיר וועלן די מיל־כאָמע פארשפּילן...

צווייטער. פארוואָס פארשפּילן? דערווײַל שטייען מיר אפ זייער טעריטאָריע.

ערשטער. דאָס איז, פרײַנט מײַנער, נארישקײַטן. מיר וועלן די מילכאָמע פארשפּילן, אויב מיר זאָלן אפילע די רויטע ארמיי פארטרײַבן ביז סי־ביר און פארנעמען האלב רוסלאנד...

צווייטער. עפּעס רעדסטו הײַנט ווי א פּראָפעסער... דריי ניט אהער, אהין! זאָג קלאָר, אָדער שווײַג...

ערשטער. איך וועל בעסער שווײַגן! (פארויכערט ווידער).

דריטער. צי ניט בא דער נעשאָמע. לייג ארויס פּראָסט און אָפן. מיר באגעגענען זיך זעלטן... אין קאזארמע וועלן מיר וועגן אזוינע איניאָנים ניט רעדן...

ערשטער. די מײַסע איז א קורצע און אן אומע־טיקע. אויב מיר וועלן אפילע אײַנעמען רוסלאנד, וועט די ערד אלציינס בלײַבן בא בראמעקס טאטן... פארשטאנען? קומט, מע דארף הײַנט קוקן מיט פיר אויגן. די נאכט איז א פינצטערע.

צווייטער. געגאנגען! (אָפּ).

**פעטראָ.** לאַנג פאַרהאַלט זיך זיאַמקע, ער האָט שוין געדאַרפט דאָ זײַן.

**מאַריאַנע.** יאָ, זייער לאַנג. צי האָט ניט געטראָפן קיין אומגליק?

**זיאַמקע.** איך בין דאָ. איך האָב דערזען די דרײַ לעגיאָנערן אפן בריק און אויסגעוואַרט, ביז זיי וועלן אַוועקגיין.

**פעטראָ.** ריכטיק געטאָן! רעד!

**זיאַמקע.** דער לעצטער פּאָסט האָט איבערגעגעבן, אַז אין טפּיסע געפינט זיך בראַמעק און דער נאַטשאַלניק פון דעפענזיווע. שוין דרײַ שאָ, ווי זיי פרעגן אַלעמען אויס.

**פעטראָ.** ווײַטער!

**זיאַמקע.** מע דאַרף קוקן אין לעצטן פענצטערל, אָן, איר זעט? גלײַך ווי אין לעצטן פענצטערל וועט זיך אויסלעשן די שײַן, איז גוט!

**מאַריאַנע.** אין וועלכן? אָן אין יענעם? דאָרט זיצט אַנדריושע... ער ווייסט, אַז מע וויל אים ראַטעווען? גאָט מײַנער, ווו נעמט מען קויכעס, איך וואָלט עפּשער נעענטער צו דער טורמע צוגעגאַנגען...

**פעטראָ.** רויִק, רויִק, מאַריאַנע... גיי, זיאַמקע, גיב איבער, אַז אויב נאָך קודריאַווצעוון וועט מען זיך יאָגן...

**מאַריאַנע.** איך וועל גיין... מיר איז שווער צו שטיין אפּ איין אָרט...

**פעטראָ.** ניין, מאַמוליע! דו קוק בעסער אין פענצטער. ווען ס׳וועט זיך אויסלעשן די ליכט— זאָג אָן.

**זיאַמקע.** ביז וועלכן פּאָסט מעג איך גיין?

**פעטראָ.** ביזן ערשטן.

**זיאַמקע.** שיקט מיך צום לעצטן פּאָסט. קיינער וועט מיך אין אַזאַ הוילעכ ניט דערקענען. איך ווייס אַרום טפּיסע אַלע וועגן. גלײַך, ווי דער קאָמאַנדיר וועט אַרויסגיין, וועלן מיר אינײַנעם אַנטלויפן...

**פעטראָ.** דו האָסט אופגעהערט פאָלגן, זיאַמקע. ניט גוט... איך גיי אַליין. מאַמוליע, זײַ רויִק. פון טפּיסע ביזן בריק שטייען אונדזערע מענטשן. מיר וועלן אים אָפּשלאָגן... איך בין אַוועק.

**זיאַמקע.** און איך?

**פעטראָ.** שטיי דאָ. ווּעסט וואָס באַמערקן, לויף צום ערשטן פּאָסט, ניט ווײַטער.

**זיאַמקע.** (מיליטעריש) איך פאָלג, כאַווער פעטראָ!
(פעטראָ אָפּ)

**מאַריאַנע.** זיאַמקע, איך זע גאָרניט... עס שווינדלט מיר אין די אויגן און אַלע ליכטיקע פענצטערלעך שפּרינגען... לעשן זיך... צינדן זיך ווידער אָן. נאָך ניט?

**זיאַמקע.** ניין. אָבער באַלד וועט זיך אויסלעשן.

מאריאנע, איר זײַט אַנדריושעס אַן עמעסע מאַמע?

**מאריאנע.** אַן עמעסע, אַן עמעסע!

**זיאַמקע.** און האָט אים שטאַרק ליב?

**מאריאנע.** שטאַרק, זיאַמעלע! ניט איך אַליין האָב אים ליב, אַלע האָבן אים ליב. ער האָט דאָך איין געגנט באַשאַפן די פּאַרטיי... און וויפל ער איז אין טפּיסע אויסגעזעסן... נאָך ניט אויסגעלאָשן?

**זיאַמקע.** באַלד... באַלד וועט זיך אויסלעשן... מאָדנע, דער קאָמאַנדיר איז אַזאַ גרויסער און האָט אויך אַ מאַמע, ווי אַ קליין ייִנגל...

**מאריאנע.** אַ גוטער כעווערמאַן ביסטו, זיאַמקע. ווען ניט די פּראַנטן, וואָלסטו געלעבט בײַ מיר, ווי אַן אייגענער זון. דו האָסט דאָך ניט קיין מאַמען?

**זיאַמקע.** ניין! נאָר דאָס איז גאָרניט... איך טאָר אין שטאָט ניט בלײַבן, מע זוכט מיך. פּעטראָ און דער קאָמיטעט האָבן באַשטימט...

**מאריאנע.** זיאַמקע, זיאַמקע, אויסגעלאָשן... זאָג, וואָס באַדײַט עס?

**זיאַמקע.** שווײַגט, איך וועל אַ קוק טאָן. (לויפט, קוקט, קערט זיך אום) ס'איז גוט! אונדזערע זײַנען אין טפּיסע. דער קאָמאַנדיר איז שוין בײַ אונדז אין די הענט. מאַמוליע, איך מוז לויפן... איר ווייסט, דער קאָמאַנדיר איז דאָך אַרײַנגעפאַלן אין טפּיסע צוליב מיר. ער האָט מיך געוואָלט פון פּאָסט באַפרײַען... איך לויף...



**מאריאנע.** וואַרט, וואַרט, און איך? אַנדריושע איז פרײַ. (אַ שיסערײַ אינדערווײַט).

**זיאַמקע.** גייט ניט אַוועק פון פּאָסט, מיר קומען גלײַך (לויפט אַוועק).

**מאריאנע.** רויִק, מאַריאַנע... רויִק... מע דאַרף אַ קוק טאָן, צי קיינער גייט ניט אַנטקעגן... (די לעצטע פראַזע און די באַוועגונג מאַכט זי, קעדיי זיך באַהערשן. אַן אָנגעשטרענגטע שטילקײַט, וואָס ווערט איבערגעריסן דורך אַ ווײַטער פײַפערײַ. אַנדריי, זאַפּאָלקע, פּעטראָ, צוויי דרר־זשיניקעס קומען צו לויפן).

**מאריאנע.** אַנדריי! (פאַלט אים אויפן האַלדז, קושט אים) לויף, לויף, איך פאַרהאַלט דיך ניט...

**אנדריי.** וווּ איז זיאַמקע?

**מאריאנע.** אַוועקגעלאָפן דיר אַנטקעגן.

**אנדריי.** זײַ געזונט!

**זיאַמקע.** (קומט צו לויפן) קאָמאַנדיר! (גיך צעקושט זיך) איך וויל מיט אײַך!

**פּעטראָ.** אין פאַרשיידענע זײַטן דורכן וואַלד צום טײַך. דאָרט וואַרט מען אויף אײַך! נאָך הײַנט זיך דורכרײַסן צו אונדזערע. זיי שטייען אין בעריאָזאָווקע.

**אנדריי.** מאַמוליע!

**מאריאנע.** לויף, לויף! (אַלע צעלויפן זיך).

**פּעטראָ.** און איצט, מאַריאַנע, וועל איך דיך נעמען אונטערן אָרעם און מיר וועלן זיך אַ שפּאַציר טאָן אויף דער פרײַער לופט. דער וועטער איז

הייַנט א גוטער (א געשריי, א געלאָפּ, א פייַפעריי. אפּן בריק — בראמעק, סאוועלי, וולאס, די דריי לעגיאָנערן).

**ב ר א מ ע ק.** אפּ איין טליִע וועל איך אייַך אלעמען אופהענגען! (שלאָגט דעם עלטסטן לעגיאָנער) אויסוואורפן! ווו זייַט איר געווען? אראָפּנעמען די דרויסנדיקע וואך, ארומרינגלען דעם וואלד. ווי א וואָלף וועלן מיר אים פאריאָגן. איר ענטפערט מיר מיט אייַערע קעפּ. א לעבעדיקן אָדער א טויטן... צום טייַוול! (צו סאוועלין) איבערפירן די איבעריקע רויטארמייער אין טויט־קאמער! גיי! (סאוועלי אָפּ צום עלטסטן לעגיאָנער) און דו, אלטער טויגעניכץ, וואָס שטייסטו דאָ? מער איז ניטאָ וואָס צו היטן. לאָז זיך אראָפּ אונטערן בריק. באטאפּן אלע ווינקעלעך. אויסוואורף, דו וועסט בא מיר פאר אלץ ענטפערן. גיי!

אונטערן בריק.

**מ א ר י א נ ע.** מיר זייַנען פארלוירן...

**פ ע ט ר אָ.** רויִק, רויִק. (גרייט אָן דעם רעוואָלווער) פארוק זיך, מאריאנע, אינדערטיפ. (דער לעגיאָנער גייט אראָפּ, דערזעט פּעטראָן. א סעקונדע קוקן זיי איינער אפּן אנדערן).

**ב ר א מ ע ק.** וואָס פאָרהאלטסטו זיך?

**ל ע ג י אָ נ ע ר.** קיינער איז ניטאָ!!!

**ב ר א מ ע ק.** בא דיר איז אלעמאָל קיינער ניטאָ. (הייבט זיך אָן אראָפּלאָזן פון בריק).

**פ ע ט ר אָ.** (צום לעגיאָנער) דו האָסט גאָרנישט געזען?



(שיסט אין בראמעקן, בראמעק פאלט) א גוטע נאכט, כאַ־ וואר! בלייַב אין שטאָט, אונדזערע וועלן די טעג קומען. מאריאנע!

**מ א ר י א נ ע.** האלט מיך פעסטער, די פיס גייען ניט... פּעטראָ, אנדריושע וועט זיך ראטעווען? (גייען אוועק).

ס'קומען צו לויפן דרייַ לעגיאָנערן, קוקן זיך אייַן.

**ע ר ש ט ע ר.** טויט!

**צ ו ו י י ט ע ר.** אינגאנצן פארבלוטיקט!

**ע ל ט ס ט ע ר.** (אינדערזייַט) א הונט — א הינטישער טויט. לאָמיר אים אוועקטראָגן. (מע טראָגט אוועק דעם טויטן קערפּער).

פ אָ ר ה א נ ג

# דריטער אקט

## ערשט בילד

### ווער גייט מיט מיר?

פרימאָרגן. אין שוסטערשן ווארשטאט איז קיינער ניטאָ. דער באלעבאָס גייט ארום, באקוקט א פּאָר שטיוול.

בענציע. די הענט און די פיס דארף מען זיי צע־ברעכן פאר אזא ארבעט. מאגדע! מאגדע!

מאגדע. וואָס, באלעבאָס?

בענציע. ווער קלאפּט דאָס דאָרטן א גאנצן פרי־מאָרגן? טויב צו ווערן.

מאגדע. דאָס שיסן די רויטארמייער. זיי שטייען הינטערן טייַך. מע זאָגט, אז היינט אָדער מאָרגן וועלן זיי פארנעמען די שטאָט.

בענציע. (אינקאעס) גיי, גיי אין קיך, געפונען א מענטשן, וועמען צו פרעגן. מאגדע!

מאגדע. א!

בענציע. גאָרנישט... גיי... גיי... (גייט ארום איבערן צימער) די פיס זאָלן זיי אָפּנעמען, איידער זיי וועלן אהער קומען. ווידער נאציאָנאליזאציע. מאגדע!



מאגדע. נו, וואָס ווילט איר?

בענציע. זיי וועלן טאקע קומען?

מאגדע. געוויס! אלע זאָגן...

בענציע. „געוויס"... ווארט, און עפּשער האָב איך אים ניט געדארפט גיבן די צוויי הונדערט זלאָ־טעס... א?

מאגדע. וועמען?

בענציע. דעם קאָנטראָליאָר. (פארכאפּט זיך) וואָס שטייסטו, ווי א גלאָמפּ! אז מע וועט דיך דארפן, וועט מען נאָך דיר שיקן... (מאגדע אָפּ) א? ווו איז דער בוך? (בלעטערט) אין א „סוואָד זאקאָנאָוו" זאָל ניט זיין קיין פּונקט וועגן צושטעלן... (לייגט אים אָפּ אָן א זייַט) און עפּשער טאקע ניט... (הייבט אָן אימפּראָוויזירן זיין נעכטיקע באגעגעניש מיטן קאָנטראָ־ליאָר) אנטשולדיקט... אנטשולדיקט, הער קאָנטראָ־ליאָר, וואָס אזוי שפּעט... איר פארשטייט... א פּאקעט... איך האָב צו אייַך א פּאקעט.

— וויפל?

— הונדערט זלאָטעס... אנטשולדיקט...

— הונדערט זלאָטעס קאָן מען ברענגען באטאָג, אָדער צושיקן דורך דער פּאָטשט... איר קאָנט גיין...

— צוויי הונדערט.

— ווער זייַט איר? און וואָס האָט איר זיך איינ־געגעסן. איך קאָן אייַך ניט.

— דרייַ הונדערט... די פּאָדעשוועס זייַנען פון...

איכ בינ אנ ערלעכער פּאָדריאַדטשיק אונ האָב פייַנט אָפּנארנ... פונ קארטאָנ... אונ דעמ פּאַקעט האָט ער צוגענומענ. (מיט א גמאָרע־ניגנ) פרעגט זיכ, איז וואָס האָט ער געמיינט מיטנ פּאָשאָל וואָנ...

סאָרע־ביילע. (לויפט אריַינ מיט א קאָרב זאכנ אונ א פול מויל נייַס) וואָס האָסטו זיכ פאנאנדערגעציקלט... שוינ! באַ כייַע־בראָכע דער שלעפּערקע איז שוינ אלצ פּיצ־פּארטיק... הייַנט צו וואַרמעס זייַנענ אירע באָלשעוויקעס אינ שטאָט. „אייַלט זיכ ניט“— האָב איכ איר געזאָגט...—„מע ווייסט נאָכ ניט פונוואַנענ דער ווינט בלאָזט“... די דייַטשנ אונ די פראנצויזנ האָבנ נאָכ אויכ א דייע... (בענציע וויל וואָס זאָגנ, זי האָגלט ווייַטער אונ לאָזט אימ ניט רעדנ) רייַס מיר ניט איבער... פונ טורמע איז אנטלאָפנ א גרויסער קאָמאנדיר אונ א שוסטער־ייִנגל. אינ וואלד באהאלטנ זיי זיכ אויס... 5000 זלאָטעס פאר זייַנ קאָפּ. לאָז מיר אויסרעדנ א וואָרט... איכ וואָלט נאָר וועלנ וויסנ, וואָס וועסטו אויסזיצנ, באַ לייַטנ א מאנצבל גייט אינ גאס, דערוווּסט זיכ...

בענציע. שוינ... איכ האָב זיכ שוינ דערוווּסט.

סאָרע־ביילע. וואָס האָסטו זיכ דערוווּסט?

בענציע. אז מיר ליגנ נייַנ איילנ אינ דר׳ערד.

סאָרע־ביילע. אבי ניט צענ, בינ איכ רויִק. גיי, גיי, רעד מיט מענטשנ.



בענציע. סאָרע־ביילע, ניט גיינ דארפ מענ, נאָר לויפנ.

סאָרע־ביילע. באקלאָג מיכ ניט לעבעדיקערהייט, לויפנ... ווו לויפנ, וואָס לויפנ? אז דו לויפסט אונ זי יאָגט דיר נאָכ...

בענציע. ווער זי?

סאָרע־ביילע. די כאָליערע.

בענציע. וואָסער כאָליערע?

סאָרע־ביילע. איכ מיינ, די אָנשיקעניש?

בענציע. וואָסער אָנשיקעניש?

סאָרע־ביילע. די נאציאָנאליזאציע.

בענציע. גאָט צו דאנקענ, דערעדט זיכ... הייס בעסער מאגדענ אָפּקאָכנ א גוטנ וואַרמעס... מע האלט דאָכ סאָנימ אינ שטוב... הער זיכ איַינ, וואָס זיי רעדנ... מע איז איצט באַ זיי אינ די הענט... איידל... איידל... אָנ געשרייענ... סאָרע־ביילע, אָנ געשרייענ...

סאָרע־ביילע. „איידל“, איכ וועל זיכ באלד שטעלנ פאר זיי אפ די קני... מע האָט בעסער געדארפט באהאלטנ די דאָלארנ...

בענציע. ווו וועסטו באהאלטנ? פונ אונטער דער ערד שלעפּנ זיי ארויס... אָנ געשרייענ... סאָרע־ביילע! (אָפּ)

סאָרע־ביילע. איידל! איכ וועל באלד אָנקומענ אינ א גימנאזיע זיכ לערנענ איידלקייַט... מאגדע! מאגדע! ביסט טויב געוואָרנ?



דער שוסטער שמועל — ארטיסט א. כאוועליעוו

מאגדע. וואָס שרײַט איר?.. איך הער, איך הער...

סאָרע־ביילע. (אָן דער זײַט) די רויטע גייען... אויב מאגדע ענטפערט אזוי, גייען די רויטע (צו מאגדען, זייער מילד) מאגדושע טײַערע, דער באלעבאָס האָט אָנגעזאָגט, דו זאָלסט הײַנט אָפּקאָכן א געשמאקן מיטעק. און רעדן מיט די ארבעטער מילד און איידל. (פאלט ארײַן אין איר געוויינלעכן טאָן) א ניט, וועל איך מיט דיר א רעד טאָן... (אָפּ).

מאגדע.ביידע זײַנען זיי מעשוגע געוואָרן...

עס קומען ארײַן די ארבעטער: לייבקע, יאן, זאָרעך, שמועל.

לייבקע. מאגדע, פּעטראָ איז נאָך ניט געקומען?

מאגדע. ניין.

שמועל. עס שמעקט מיט פולווער, געזען די מעל־דונגען? 5000 זלאָטעס פאר קודריאווצעווס קאָפּ.

יאן. עך, ווען איך בין מיט דרײַ יאָר עלטער. מיט צוויי. כאָטש מיט איין יאָר.

זאָרעך. איר הערט? גאָר נאָענט. מיר וועלן די טעג האָבן געסט. און ווו איז אהינגעקומען זיאמקע?

לייבקע. מע זאָגט, אז ער איז מיטן קאָמאנדיר אין וואלד...

שמועל. צו דער ארבעט, כעוורע!

לייבקע. גלײַך, ווי ס'גייט ארײַן די רויטע ארמיי, געפין איך מײַן אָטריאד און גיי אוועק אפן פראָנט.

מאגדע. (קומט צו לויפן) אוך, א פּאָטיעכע מיט דער

באלעבאָסטע. ליגט אפ דער קאנאפּע און הייסט מיר מיט אײַך רעדן „איידל“, „מילד“... און א גוטן וואַרמעס אָפּקאָכן... אליין האָט זי מוירע צו אײַך אראָפּגיין... יאָ, איך זאָל זיך אײַנהערן, וועגן וואָס איר רעדט, און איר קומען זאָגן...

**שמועל.** גיי זאָג איר, אז מיר האָבן באשטימט צו־נעמען בא איר דעם מויער, די מאסטערסקאיא און די דאָלארן, וואָס זי האָט אויסבאהאלטן...

**מאגדע.** גוט... גוט... זי וועט כאלעשן פאר שרעק... און פּעטראָ איז נאָך ניטאָ... ער קומט אלע מאָל צודערצײַט...

*זיאמקע קומט ארײַן, ער איז שטארק אויסגעמאטערט, איבער־געטאָן, ענלעך אפ א פּארוואָרלאָזט גאסן־ייִנגל.*

**אלע.** זיאמקע!!

**זיאמקע.** ווו איז פּעטראָ... איך דארף...

**לייבקע.** דו ביסט ניט אנטלאָפן צום פראָנט?..

**יאן.** ווו איז קודריאווצעוו?

**זיאמקע.** ווו איז פּעטראָ?

**שמועל.** עפּשער דארפסטו זיך באהאלטן? איך וועל דיך אָפּפירן צו מיר אהיים, וועסטו אויסווארטן די פּאָר טעג. בא מיר איז א שטילע גאס.

**זיאמקע.** ניין... ניין... איך וועל דאָ ווארטן אפ פּעטראָען...

**לייבקע.** ס'איז א ריזיקע... דער באלעבאָס קאָן ארײַנקומען...

**שמועל.** פאר אים איז ניטאָ וואָס מוירע צו האָבן...

אין אזא צײַט וועט ער ניט מאסערן... דערציייל,
זיאמקע, פונוואנען קומסטו? דערציייל, האָב קיין
מוירע ניט, אייגענע מענטשן... עפשער ווייסטו
טאקע, ווו קודריאווצעוו איז, ער האָט זיך גערא־
טעוועט? און פונוואנען קומסטו?

ל ײ ב ק ע. דו האָסט זיך אויסגעבאהאלטן?

ז י א מ ק ע. ניין. אין וואלד בין איך געוועזן, מיטן
קאָמאנדיר. מיר האָבן פארבלאָנדזשעט. דער
וואלד איז א געדיכטער. וואָס לענגער מיר גייען,
אלץ ווײַטער פון א וועג... פארטאָג האָט זיך
דערהערט א שיסערײַ. אונדזערע גרײַפן אָן אי־
בערן גאנצן פראָנט... זײַנען מיר געגאנגען אין
יענער ריכטונג, אָבער ס׳האָט געטראָפן אן אומ־
גליק: בא מיר האָבן די פיס אָפּגענומען. איך וויל
מאכן א טראָט און קאָן ניט... האָט מיך קודריאוו־
צעוו, ווי א קליין קינד, אוועקגעזעצט אף די פליי־
צעס און געטראָגן. ס׳איז מיר א גרויסע כארפּע...
קודריאווצעוו איז דאָך אויך פארמאטערט. און
איך זיץ, ווי אן אויפּעלע, באם קאָמאנדיר אף די
פּלייצעס. פארטאָג האָבן אונדז באגעגנט לעגיאָ־
נערן. דער קאָמאנדיר טאָר ניט ארײַנפאלן צו זיי
אין די הענט, ווײַל ער איז פארמישפּעט צום
טויט. בין איך אראָפּגעשפּרונגען פון זײַנע פליי־
צעס, צונויפגעקליבן אלע קויכעס און געגומען
לויפן. איך האָב געטראכט אזוי: די לעגיאָנערן
וועלן זיך יאָגן נאָך מיר, דערווײַל וועט דער



קאָמאנדיר זיך ראטעווען. אזוי איז טאקע גע־
ווען... ווען איך בין ארויסגעלאָפן פון וואלד,
האָב איך דערזען, אז איך געפין זיך אין שטאָט,
נעבן דער מיל... נו, איך וועל גיין... אויב פּעטראָ
וועט קומען, זאָגט אים, אז איך בין אוועק אָנ־
זאָגן אונדזערע, אז מײַן קאָמאנדיר איז אליין
אין וואלד.

ל ײ ב ק ע. און ווו געפינען זיך אונדזערע?

ז י א מ ק ע. ניט ווײַט... איך האָב זיך דערוווּסט: הינ־
טערן דערפל בעריאָזאָווקע, און אין מיל האָבן
די ארבעטער שוין געוואָרפן די ארבעט און בא־
נאכט וועלן זיי אוועקגיין צום פראָנט.

ל ײ ב ק ע. עך, ווען אלע גייען.

י א נ. ווען איך בין אף איין יאָר עלטער!

ז י א מ ק ע. ווער גייט מיט מיר? איך ווייס דעם וועג.
קיינער ניט?

ש מ ו ע ל. פּעטראָ וועט קומען, וועט מען זיך דורכ־
רעדן...

ז י א מ ק ע. רעדן... ווען אלע ערלעכע פּראָלעטאריער
שלאָגן זיך אף די פראָנטן פאר די באָלשעוויקעס,
זיצט איר און נייט שטיוול פאר די פּוילישע לע־
גיאָנערן... (הייבט אָן אוועקגיין. שמועל קערט אים אום).

ש מ ו ע ל. ווארט, ווארט, דו האָסט דאָך גארניט גע־
געסן... עס, דערווײַל וועט אונטערקומען פּעטראָ.

ז י א מ ק ע. יאָ, איך בין מיד... און הונגעריק... (זעצט
זיך. עסט. הייבט זיך פלוצלונג אוף, גיט אָפּ צוריק דאָס עסן)

נאַט. איך וויל בּאַ אײַך ניט עסן. בּורזשויִען זײַט איר... איך וועל דערציילן לעניִנען. דער קאָמאַנ־דיר האָט צוגעזאָגט מיך שיקן צו לעניִנען מיט אַ בּריוו... ווער גייט?

יאַן. זיאַמקע, איך וועל גיין מיט דיר... מיר איז שוין פופצן יאָר... דער וווּקס איז בּאַ מיר פון קינד־ווײַז אָן אַ קורצער...

זיאַמקע. דאָס מאַכט ניט אויס... בּאַ אונדז אין אָטריאַד איז געווען נאָך אַ קירצערער, ווי דו...

יאַן. אָבער, ווי וועל איך גיין, אַז די קאָמאַשן פאַלן מיר אַראָפּ פון די פיס... מיט שטריקעלעך צו־בּינדן.

זיאַמקע. בּאַ מיר זײַנען אויך די שיך צעריסן... זעסט, די פינגער קריכן אַרויס...

שמועל. וואַרט, כעוורע... עפּעס האָבּ איך אַמאָל, אין פינפטן יאָר געלייענט אַ בּיכל... זייער אַ קלוג בּיכל... איז דאָרט געווען אָנגעשריבּן... וואַרט, לאָמיר זיך נאָר דערמאָנען... יאָ, איז דאָרטן געווען אָנגעשריבּן, אַז אין דער צײַט פון דער סאָציאַלער רעוואָליוציע וועלן די עקספּלואַ־טירטע עקספּראָפּריִירן די עקספּראָפּריִאַטערן... (בּײַט דעם טאָן, אויפגערעגט, ווי ער וואָלט פּלוצים באַשטימט זייער אַ וויכטיקע לעבּנס־פראַגע) זיאַמקע, יאַנעק, טוט זיך אָן די לעגיאָנערישע שטיוול, טוט זיך אָן, איך הייס!.. דרײַסיק יאָר, ווי איך האָרעווע אויף אים. אַ מויער האָט ער זיך אָנגעלעבּט, אַ בּויך,



געלט, קאָוועד... און איך?.. אַ געבּויגענעם רוקן... אַ פּוסטן מאָגן... און צעריסענע שיך... מיטן קאָפּ אין דער ערד!.. (וואַרפט אַראָפּ די שיך און הייבּט אָן אַרויפציִען אַ פּאָר נײַע שטיוול. זיאַמקע, לייבּקע, יאַן, זאָרעך טוען אים נאָך) איך האָבּ פאַר אים קיין מוירע ניט. זאָל ער אַפּ מיר אָנגעבּן אין געריכט... מײַן פּראַצע... קאָשער פאַרדינט... פאַר דרײַסיק יאָר פּראַצעווען, קומט שמועל דעם שוסטער אַ פּאָר נײַע שטיוול...

זיאַמקע. ווי אַפּ מיר געניית.

יאַן. פּונקט מײַן מאָס.

לייבּקע. ניט קיין שלעכטער לעדער.

שמועל. בּעכערלעך, ניט קיין שטיוול. עך, שמועל פערד, אַ גאַנצן לעבּן געניית פאַר יענעם און אַליין געגאַנגען בּאָרוועס...

זאָרעך. עס קוועטשט אַבּיסל... בּאַם גראָבּן פינגער קוועטשט אַבּיסל... נאָר גאָרנישט, עס וועט זיך פאַנאַנדערטראָגן.

לייבּקע. זיאַמקע, איך וועל אויך גיין מיט אײַך... קודריאַווצעוו וועט מיר מויכל זײַן, וואָס איך בּין אַוועק פון פראָנט...

זיאַמקע. דער קאָמאַנדיר?.. שמועל, מע מעג נע־מען נאָך אַ פּאָר שטיוול פאַרן קאָמאַנדיר... אַ מאַטאָנע...

שמועל. נעם, נעם, זיאַמקע, און דו, יאַן, און דו, לייבּקע. אויבּ איר גייט צום פראָנט, נעמט מאַטאָ־

נעס פאר די רויטארמייער... איר וועט זיי זאָגן, אז איך, שמועל אײַנבינדער, אן אלטער ארבעטער, שיקט זיי א מאטאָנע. מאגדע, גיב זיי אין וואָס באהאלטן...

**זאָרעך.** איך רעכן אויך נעמען נאָך א פּאָר שטיוול...

**שמועל.** דאָס ניט. די ייִנגלעך טראָגן אוועק די שטיוול פאר די באָרוועסע רויטארמייער, און דו וועסט עס מאָרגן ארויסטראָגן אפן מארק... די רעוואָליוציע, זאָרעך, איז ניט קיין ווײַב, מיט וועלכע מע געט זיך און מע האָט ווידער כאסענע.

**זאָרעך.** האָט א גליקלעכן וועג, בא מיר איז קראנק דאָס ווײַב. א גוטן טאָג (אָפּ).

**זיאמקע.** פּעטראָ איז אלץ ניטאָ. שמועל, גיט אים איבער, אז מיר זײַנען אוועק...

**שמועל.** ניין. ווארט! דרײַסיק יאָר האָב איך בא אים אָפּגעפּראצעוועט, דארף מען זיך זיך לײַטיש געזעגענען... נעם, זיאמקע, דעם פּענזליק, טונק אײַן אין לאק און שרײַב אפן וואנט, מיט גרויסע ווערטער, ס'זאָל אים די אויגן אויסשטעכן:

שרײַב! — באלעבאָס,
זאָלסט אויסקרענקען,

**זיאמקע.** וואָס דו האָסט אָן אונדז פארדינט.

**שמועל.** זאָלסט האָבן לאנגע יאָרן

**זיאמקע.** און קורצע טעג,

**לייבקע.** ווי עס ווינטשן דיר

**יאן.** דײַנע געטרײַע ארבעטער

**מאגדע.** אָמיין!

**שמועל.** איצט לאָמיר זיך געזעגענען. (זיי געזעגענען זיך) פארגעסט ניט דעם אלטן שמועל... זײַט געזונט.

**זיאמקע.** לייבקע!!!

**לייבקע.** גייט, איך וועל אײַך אָניאָגן... באם וועלדל... אלע מיטאמאָל איז א ריזיקע. איר וועט אף מיר ווארטן בא דער מיל... (אָפּ).

**לייבקע.** (רופט שטיל, מאגדע באווײַזט זיך אף די טרעפּ, גייט אראָפּ) זײַ געזונט, מאגדע... מיר וועלן אינגיכן צוריק קומען.

**מאגדע.** דו גייסט אויך אוועק?

**לייבקע.** יאָ, איך גיי אויך אוועק. וואָס איז?

**מאגדע.** גאָרנישט... גיי... גיי... מיינסט איך וועל וויינען... ווי אנדערע מיידלעך.

**לייבקע.** מאגדע...

**מאגדע.** גייסט אוועק?..

**לייבקע.** יאָ, מיר וועלן זיך אינגיכן אומקערן!..

**מאגדע.** אינגיכן... און ווער וועט זיך פאר מיר אײַנשטעלן, אויב דער באלעבאָס וועט מיך וועלן שלאָגן... פּעטראָ איז ניטאָ. מיינסט, ער וועט שווײַגן... די שטיוול צוגענומען... אף דער וואנט אים אויסגעזידלט... ווער וועט פאר אלץ באצאָלן?.. איך... איך... (וויינט).

לייבקע. מאגדע... מאגדע... ווייסט וואָס? גיי פונדאנענ אויכ אוועק...

מאגדע. וווּהינ זאָל איכ גיינ?.. איכ וויל מיט אײַכ...

לייבקע. ווייסט וואָס?.. לאָמיר זיכ געזעגענענ.

מאגדע. גוט. גיי אוועק... אָבער, אויב ס'וועט טרעפנ מיט מיר אנ אומגליק, וועסטו זײַנ שולדיק... דו... דו...

לייבקע. ווילסט איכ זאָל ניט גיינ אפנ פראָנט?.. איכ זאָל א צווייט מאָל אָפּנארנ זיאמקענ... אונ דעמ קאָמאנדיר...

מאגדע. ניינ... ניינ... איכ וויל אויכ גיינ מיט אײַכ...

לייבקע. וווּהינ?

מאגדע. אפנ פראָנט... זיכ שלאָגנ מיט די בורזשויענ...

לייבקע. ביסט דאָכ א מיידל...

מאגדע. דאָס מאכט ניט אויס... יענצ מאָל, ווענ די רויטע ארמיי האָט פארנומענ די שטאָט, האָב איכ מיט מײַנע אייגענע אויגנ געזענ צוויי מיידלעכ... מיט ביקסנ אפ די פלייצעס... איכ קאָנ רײַטנ אפ א פערד, אז קיינ יינגל וועט מיכ ניט איבעריאָגנ... אונ שיסנ וועל איכ זיכ אויסלערנענ...

לייבקע. ווייסט וואָס, מאגדע... קומ!

מאגדע. העלפ מיר צונויפּפאקעווענ מײַנע זאכנ. דער



באלעבאָס דארפ באָלד קומענ... (קיינ זאכנ האָט זי ניט. א פּאָר פארביקע סטענגעס אונ א העמדל, א קליידל אונ אנ אלט בילד).

לייבקע. טו אָנ א פּאָר שטיוול... אפנ פראָנט איז די הויפּט־זאכ גאנצע שטיוול... גיכער... גיכער... אויב דער קאָמאנדיר וועט דיכ ניט פארשרײַבנ אינ דער רויטער ארמיי, בינ איכ ניט שולדיק... (זיי פארכאפּנ די זאכנ).

מאגדע. ער וועט פארשרײַבנ... איכ בינ אויכ אנ ארבעטער... א דינסטמיידל איז אויכ אנ ארבעטער. אונ דאָס, וואָס איכ בינ א פרוי — איז גאָרניש. (ביידע אָפּ).

א קורצע ווײַלע איז דער ווארשטאט ליידיק. אפנ טיש שטייענ אינ א שורע אויסגעשטעלט די געלאָזענע צעריסענע שיכ. דער באלעבאָס קומט ארײַנ.

בענציע. ניט ארויס אפ דער ארבעט... יאָנטעוו... צעריסענע שיכ... ווארט... ווארט... א... וווּ זײַנענ די שטיוול? סאָרע־ביילע, וווּ זײַנענ די שטיוול? סאָרע־ביילע!

סאָרע־ביילע. וואָס שרײַסטו, ווי א מעשוגענער, דאָס הארצ האָט זיכ מיר אָפּגעריסנ...

בענציע. אָפּגעריסנ זאָלסטו ווערנ... וווּ זײַנענ די שטיוול? וווּ זײַנענ דײַנע אויגנ?.. סאָרע־ביילע, וווּ ביסטו געווענ?.. זע, וואָס עס טוט זיכ...

סאָרע־ביילע. מאגדע! מאגדע!

**בענציע.** מאגדע! מאגדע! איך וועל איר דעם טויט מאכן...

**ביידע.** מאגדע!!! מאגדע!!!

**בענציע.** זע, אפ דער וואנט, אפ דער וואנט... אָנגעשריבן... (לייענט). באַלעבאָס... סאָרע־ביילע! „זאָלסט אויסקרענקען, וואָס דו האָסט אָן אונדז פארדינט"...

**סאָרע־ביילע.** (שטופּט אים) לאָז מיך... לאָז מיך... (לייענט) בענציע, זאָלסטו האָבן לאנגע יאָרן, בענציע, און קורצע טעג...

**ביידע.** ווי עס ווונטשן דיר דײַנע געטרײַע ארבעטער...

**בענציע.** איך גיי פון זינען אראָפּ... פּאָליציי! לעגיאָנערן! סאָרע־ביילע, איך וועל דיר דעם קאָפּ צעשפּאלטן... ווּ ביסטו געוועזן?..

שלאָגט זי אין קאָפּ

**סאָרע־ביילע.** קאראול! ער האָט מיך געהארגעט... מאגדע!

**בענציע.** מאגדע!

ביידע שטייען און שרײַען:

מאגדע!!!
מאגדע!!!



## צווייט בילד

### באנגעניש

א פּולוואַרעק, ניטווײַט פון דער שטאָט. א רויטארמייִשער אָטריאד קלײַבט זיך אין אָנגריף. מע רייניקט דאָס געווער, מע פּאקט די זאכן. רויטארמייער זינגען, אינדערטיפּ — א טומל. עס קומט צו לויפן א רויטארמייער און ווײַזט אינדערטיפּ, פונוואַנען עס גייט דער טומל.

**רויטארמייער.** מע האָט זיי געכאפּט אין וואלד... א מאָדנע כעוורע... מיט זעק אפ די פּלייצעס, און אין די זעק... אנו, טרעפט?

**ערשטער.** מעל.

**צווייטער.** סנאריאדן.

**דריטער.** א געקוילעט כאזערל.

**רויטארמייער.** שטיוול, נײַע שטיוול...

**ערשטער.** כראָמאָווע?

**רויטארמייער.** כראָמאָווע, און נאָך קיין איין מאָל ניט אָנגעטאָן.

**צווייטער.** און ווער זײַנען זיי?

**רויטארמייער.** מע ווייסט ניט... זיי זאָגן — רויטארמייער... און א מיידל איז דאָרט.

מע ברענגט צו פירן זיאמקען, מאגדען, יאנען. אפ די פּלייצעס — זעקלעך, פון די זעקלעך קריכן ארויס די כאָליעוועס פון די שטיוול. ווען זיי קומען אפ דער בינע, שרײַען זיי אלע אײנײנעם, ניט צו פארשטיין, וואָס זיי ווילן. דער טומל ווערט קלענער, לעשט זיך אויס.

זיאמקע. כאַווײרים... איך זאָג אײַך, אַז מע דאַרף גלײַך לויפֿן... קיין איין מינוט ניט פֿאַרלירן... אַניט, וועט טרעפֿן אַן אומגליק.

רויטאַרמייער. וווּהין לויפֿן?

זיאמקע. איך זאָג אײַך דאָך, צו מײַן קאָמאַנדיר. ער איז אין וואַלד... אין וואַלד אַרומגערינגלט...

רויטאַרמייער. ווער איז דײַן קאָמאַנדיר?..

זיאמקע. אַנדריי... אַנדריי קודריאַווצעוו... איך און ער (ווײַזט אויף לייבקען) האָבן געדינט בײַ אים אין אָטריאַד. נו... אין פֿערטן אָטריאַד... פֿון טפּיסע זײַנען מיר אַנטלאָפֿן.

רויטאַרמייער. פֿון וואָסער טפּיסע... ווער ביסטו?

זיאמקע. אַ רויטאַרמייער... אין פֿערטן אָטריאַד...

רויטאַרמייער. עס איז גאָר אַזאַ אָטריאַד ניטאָ.

זיאמקע. ס'איז דאָ... איך זאָג אײַך, ס'איז דאָ...

רויטאַרמייער. ניט געהערט... ניט געהערט. און ווער זײַנען זיי?

זיאמקע. מײַנע כאַווײרים... אײנײנעם געאַרבעט...

יאַן. כאַווײרים, דאָס איז דאָך זיאמקע... זיאמקע קאָפּאַטש!

מאַגדע. יאָ, זיאמקע קאָפּאַטש. ער איז אַנטלאָפֿן פֿון טורמע. בײַ אונדז אין וואַרשטאַט זיך אויסבאַהאַלטן... מע האָט זיך געיאָגט נאָך אים... דערנאָך האָבן מיר צוגענומען די לעגיאָנערישע שטיוול, און דעם באַלעבאָס אויף דער וואַנט אויסגעזידלט... אָט אַ פּאָטיעכע (לאַכט).



רויטאַרמייער. ווען אויסגעזידלט אויף דער וואַנט? איך פֿאַרשטיי אַ וואָרט ניט. און ווער ביסטו?

מאַגדע. אַ דינסטמיידל. איך האָב געזען, אַז אַלע גייען אַוועק אויפֿן פֿראָנט — יאַן, זיאמקע, לייבקע, און פּעטער איז ניט געקומען צו דער אַרבעט... איז מיר געוואָרן אַזוי סומנע אויפֿן האַרצן... אויף אַ פֿערד קאָן איך רײַטן ניט ערגער פֿון אַ ייִנגל... און יענץ מאָל, ווען די רויטע אַרמיי איז דורכגעגאַנגען, האָב איך מיט מײַנע אייגענע אויגן געזען צוויי מיידלעך... פֿאַרשרײַבט מיך אין דער רויטער אַרמיי.

רויטאַרמייער. פֿאַרשרײַבן? אַזוי גיך פֿאַרשרײַבט מען ניט. מע דאַרף וויסן ווער און וואָס.

צווייטער רויטאַרמייער. און עפּשער זײַט איר גאָר שפּיאָנעס, אונטערגעשיקט פֿון די לעגיאָנערן...

זיאמקע. ווער זײַנען שפּיאָנעס? מיר? מאַגדע, האַלט קודריאַווצעווס שטיוול! איך וועל אים די אויגן אויסגראַבלען! (וואַרפֿט זיך שלאָגן) מיר זײַנען שפּיאָנעס!!?

רויטאַרמייער. אַ הייסער יונג.

צווייטער רויטאַרמייער. נו, באַרויִק זיך, באַרויִק זיך! גוט, מיר וועלן דיך אָפּפֿירן אין שטאַב, נו, רויִק...

זיאמקע. ער האָט קיין רעכט ניט... שויב צוויי שאָ,

זוי ער האָט זיך איַינגעגעסן: „וואר"? „פונוואַנען"? און דאָרטן וועט דער קאָמאַנדיר אומקומען... ער איז ארומגערינגלט... אין וואלד. לאָזט מיר שוין דורך אין שטאַב! און די מינוט... א ניט וועלן מיר אליין גיין... קומט! (די רויטארמייער פאַרשטעלן אים דעם וועג. זיאמקע ריַיסט זיך, וויל דורכגיין. די רויטארמייער פארשטעלן אים דעם וועג. זיאמקע וויינט זיך פאנאנדער). אנדרייען וועט מען צעשיסן... איך זאָג אייַך, לאָזט מיך אין שטאַב!..

**קודריאַווצעוו.** (איניינעם מיט זאַפּאַלקען קומען אונטער. זעען די לעצטע סצענע).

**קאָמאַנדיר.** רויִק, זיאמקע... רויִק...

**זיאמקע.** קאָמאַנדיר ?!! אדאַם?

**קודריאַווצעוו.** (נעמט אים ארום. קושט אים) גוט, זיאמקע... ווידער איניינעם! דו האָסט גאָר געוויינט?

**זיאמקע.** ניין... ניין... (הייבט אָן שריַיען, קעדיי איַינהאלטן דאָס געוויין). אז ער האָט זיך מיר איַינגעגעסן: „וואר"! „וואָס"? „פונוואַנען"?

**מאַגדע.** ער האָט ניט געוויינט... ער האָט געמיינט, אז איר זיַינט נאָך אין וואלד... ארומגערינגלט... און זיי לאָזן ניט אין שטאַב... האָט אים פאַרקלעמט דאָס הארץ...

**יאַן.** נאַט איַיך א פּאָר שטיוול. שמועל האָט איבערגעגעבן... און דאָס, וואָס איך בין א קורצער, מאכט ניט אויס... מיר איז שוין זעכצן יאָר...

**קודריאַווצעוו.** ווער זיַינען זיי?



**זיאמקע.** מיַינע כאַווײרים, איניינעם געארבעט... בא בענציען...

**מאַגדע.** איך קען ריַיטן אַף א פערד, און דאָס, וואָס איך בין א מיידל, איז גאָרנישט... פארשריַיבט מיך אין ארמיי...

**קודריאַווצעוו.** גוט... גוט...

**זאַפּאַלקע.** אנדריי, איך האָב געזאָגט, אז ער וועט זיך דורכריַיסן... עך, א ווילער יונג ביסטו.

**זיאמקע.** (צעטומלט) איך ווייס... איך ווייס...

**זאַפּאַלקע.** וואָס ווייסטו, גאָרנישט ווייסטו! מיר האָבן וועגן דיר גערעדט מיטן קאָמאַנדיר...

**קאָמאַנדיר.** זיאמקע! דער שטאַב פון דער פערטער ארמיי האָט באשטימט דיך באלוינען... זאָג, וואָס פאר א באלוינונג פארלאנגסטו?

**זיאמקע.** שיקט מיך צו לענינען.

**קאָמאַנדיר.** צו לענינען? וואָס וועסטו בא אים טאָן?

**זיאמקע.** איך וועל מיט אים רעדן.

**זאַפּאַלקע.** זאָג אונדז, וועגן וואָס וועסטו מיט אים רעדן?

**זיאמקע.** פריִער פון אלץ וועל איך אים אָפּגעבן א גרוס פון אונדזער אָטריאַד... דערנאָך וועל איך אים דערציילן, ווי איך בין געווען א לערנייִנגל בא בענציע דעם שוסטער. אַף דריַי יאָר בין איך אָנגעקומען: פארן ערשטן יאָר האָט ער מיר געדארפט צאָלן צען רובל. פארן צווייטן יאָר — צוואַנ-



ד, פינאַל-סצענע

ציק רובל, אונ פאַרנ דריטנ יאָר—גאַנצע דרײַסיק. מיט זײַנע קעסט... עסנ האָט ער ניט געגעבנ אונ אַלע טאָג זיך געשלאָגנ... מאַגדע, עמעס?.. אונ איך האָב פײַנט, אַז מע שלאָגט מיך... פונ קינד־ווײַז אופ... האָב איך אים געוואָרפנ אַ קאַבול אינ קאָפּ אונ אַנטלאָפנ צו אײַך אינ אָטריאַד... זיי מיינענ, אַז אַ לערנײַנגל איז קיינ מענטש ניט... ווענ גייט אַ באַנ אפ מאָסקווע?

קאָמאַנדיר. געזעגענענ מיר זיך... אונ איך האָב געטראַכט דיך מאַכנ פאַרנ פאָנענטרעגער פונ אָטריאַד.

זיאַמקע. פונעם גאַנצנ אָטריאַד?

קאָמאַנדיר. איך האָב וועגנ דיר דערציילט אינ שטאַב, אונ באַקומענ אַנ ענטפער, אַז מע מעג דיר אָנטרויענ די שלאַכט־פאָנ פונ אונדזער העלדישער דיוויזיע...

זיאַמקע. אונ צו לענינענ?

קאָמאַנדיר. אויב דו ווילסט פאָרנ, פאַרשטייט זיך, וועלנ מיר דיך שיקנ. דער וועג קיינ מאָסקווע, עמעס, איז איצט אַ שווערער. נאָך הײַנט טרעט אונדזער אָטריאַד אַרויס אינ שלאַכט, אונ מיר האָט זיך שטאַרק געוואָלט מיט דיר אינאײנעמ אַרײַנמאַרשירנ אינ שטאָט... פאַרשטייט זיך, אויב דו ווילסט אָפּלייגנ דאָס פאָרנ...

זאַפאַלקע. זיאַמקע, לייג אָפּ. אָנ דיר וועט זײַנ אומעטיק. פאָרט אַלטע שלאַכט־כאַווײרימ...



ד׳ פינאַל-סצענע

ציק רובל, און פאַרן דריטן יאָר—גאַנצע דרײַסיק.
מיט זײַנע קעסט... עסן האָט ער ניט געגעבן און
אַלע טאָג זיך געשלאָגן... מאַגדע, עמעס?.. און
איך האָב פײַנט, אַז מע שלאָגט מיך... פון קינד־
ווײַז אויף... האָב איך אים געוואָרפן אַ קאַבול
אין קאָפּ און אַנטלאָפן צו אײַך אין אָטריאַד... זיי
מיינען, אַז אַ לערנייִנגל איז קיין מענטש ניט...
ווען גייט אַ באַן אויף מאָסקווע?

קאָמאַנדיר. געזעגענען מיר זיך... און איך האָב
געטראַכט דיך מאַכן פאַרן פאָנענטרעגער פון
אָטריאַד.

זיאַמקע. פונעם גאַנצן אָטריאַד?

קאָמאַנדיר. איך האָב וועגן דיר דערציילט אין
שטאַב, און באַקומען אַן ענטפער, אַז מע מעג דיר
אָנטרויען די שלאַכט־פאָן פון אונדזער העלדי־
שער דיוויזיע...

זיאַמקע. און צו לענינען?

קאָמאַנדיר. אויב דו ווילסט פאָרן, פאַרשטייט זיך,
וועלן מיר דיך שיקן. דער וועג קיין מאָסקווע,
עמעס, איז איצט אַ שווערער. נאָך הײַנט טרעט
אונדזער אָטריאַד אַרויס אין שלאַכט, און מיר
האָט זיך שטאַרק געוואָלט מיט דיר אינאיינעם
אַרײַנמאַרשירן אין שטאָט... פאַרשטייט זיך, אויב
דו ווילסט אָפּלייגן דאָס פאָרן...

זאַפּאַלקע. זיאַמקע, לייג אָפּ. אָן דיר וועט זײַן
אומעטיק. פאָרט אַלטע שלאַכט־כאַווייִרים...

מ א ג ד ע. לייג אָפּ! איך זאָג דיר, לייג אָפּ...

ל ײ ב ק ע. לייג אָפּ, וועסט דערנאָך פּאָרן...

ז י א מ ק ע. ווען טרעט דער אָטריאַד ארויס?

ק אָ מ א נ ד י ר. גלײַך. אלץ איז גרייט. איך דארף נאָר באַשטימען דעם פאָנענטרעגער... אויב דו זאָגסט זיך אָפּ, וועלן מיר באַשטימען א צווייטן...

ז י א מ ק ע. ניין... ניין... איך זאָג זיך ניט אָפּ.. ניין... כאָווער קאָמאנדיר, און דערנאָך... וועט איר מיך שיקן צו לענינען?

ק אָ מ א נ ד י ר. ווען דערנאָך?

ז י א מ ק ע. ווען ס'וועלן זיך ענדיקן אלע שלאכטן...

ק אָ מ א נ ד י ר. געוויס...

ז י א מ ק ע. בין איך מאַסקים. שיקט אים דערווײַל אַוועק מײַן ליד, וואָס איך האָב צו אים אויסגעטראכט אין טורמע... ווו איז די פאָן?

ק אָ מ א נ ד י ר. ברענגט די פאָן! (צוויי רויטארמייער גייען אַוועק נאָך דער פאָן) האָרניסטן, רופט דעם אָטריאַד! (האָרניסטן שאַלן, דער אָטריאַד זאַמלט זיך צונויף. פאַר דער צײַט, וואָס דער אָטריאַד זאַמלט זיך צונויף, שרײַבט קוד־ריאַווצעוו א פּאַפּיר).

ק אָ מ א נ ד י ר. אײדער מיר טרעטן ארויס אין שלאכט, וועל איך איבערלייענען דעם באַפעל.

# באַפעל איבער דער פערטער מײַרעוודיקער דיוויזיע

פארן ניט פארלאָזן די וואך אין דער צײַט פון שלאכט, פארן פארבינדן זיך מיטן אומלעגאלן פארטייִשן קאָמיטעט, פארן ראטעווען דאָס לעבן פון געפאנגענעם קאָמאנדיר אנדריי קודריאווצעוו און זײַן געהילף אדאם זאפאלקע, ווערט דער רויטארמייער זיאמקע קאָפּאַטש באשטימט פארן פאָנענטרעגער פון אָטריאד. זײַן ליד צו לעכינען, וואָס ער האָט פארפאסט אין טורמע, ווערט אײַנגעשלאָסן אין די שלאכט־לידער פון דער דיוויזיע. די ארבעטער־ייִנגלעך — יאן, לייבקע עסטערמאן און דאָס מיידל מאגדע זארעצקע, ווערן פארעכנט פאר האָדעוואלניקעס פון דער רויטער ארמיי.

מאגדע. דאָס בין איך... איך...

קאָמאנדיר. גיט אים די פאָן. (דער מאָמענט איז זייער פײַערלעך. עס ווערט איבערגעגעבן זיאמקען די פאָן. זיאמקע גייט מיט אויסגעשטרעקטע הענט צו דער פאָן אונטער א קלאַפּערײַ פון פײַקלעך).

זיאמקע. (נעמט די פאָן) א דאנק... א דאנק... מיר



איז אזוי גוט... אזוי גוט... קיינמאָל אפן לעבן איז מיר אזוי גוט ניט געווען.

קאָמאנדיר. עס וועט נאָך זײַן בעסער, זיאמקע, העכער דעם קאָפּ!

זיאמקע. כאווער קאָמאנדיר, גיט מיר דעם באפעל. (דער קאָמאנדיר גיט אים דעם באפעל, זיאמקע באהאלט אים אין בוזעם) אז מיר וועלן פארנעמען די שטאָט, וועל איך ווײַזן דעם פעטער פעטראָ און מאריאנען... אָט וועלן זיי זיך פרייען. יאָ, ווארט... וואָס נאָך דארף איך זאָגן? יאָ, די פאָן וועל איך ליב האָבן, ווי אן אייגענעם ברודער... נאָך שטארקער ווי אײַך, כאווער קאָמאנדיר... וואָס נאָך דארף איך זאָגן?..

קאָמאנדיר. מער דארפסטו גאָרנישט ניט זאָגן... צום שלאכט זיך גרייטן! דער פאָנענטרעגער, דרײַ טריט פאָרויס! (זיאמקע מאכט דרײַ טריט, שטעלט זיך לעבן קאָמאנדיר) כאוויירים, מיר הייבן אָן דעם שלאכט אפ דער שטאָט. זיאמקע, העכער די פאָן! (זיאמקע הייבט אוף די פאָן).

זאפאלקע. פארייניקטער ערשטער אָטריאד פון דער פערטער מײַרעוודיקער דיוויזיע אין אָנגרײַף — מארש!

קאָמאנדיר. זיאמקע, זינג דײַן ליד.

זיאמקע.

אָדלערל, אָדלערל, שטאָלצער פויגל,
פארשפרייט דײַנע פליגעלעך ברייט,

און זאָג אונדזער קאַלע
און זאָג אונדזער מאמען —
ליבע, עס דערוואַרט אונדז דער טויט.

אָדלערל, אָדלערל, פלי איבער גרענעצ,
דורך כמאַרע, דורך שטורעם און שניי.
און טרעפסטו דאָרט לעניגען,
א גרוס גיב אים איבער,
א גרויסן גרוס דער פּאַרטיי.

און טרעפסטו דאָרט לעניגען,
א גרוס גיב אים איבער,
א גרויסן גרוס דער פּאַרטיי...

פאָרהאַנג

## אינהאַלט


| | |
|---|---|
| | זייט |
| ערשטער אַקט | 7 |
| צווייטער אַקט | 46 |
| דריטער אַקט | 78 |

Бібліографічний опис цього видання вміщено в „Літопису Українського Друку“, „Картковому репертуарі“ та інших покажчиках Української Книжкової Палати.

---

Надруковано з матриць, виготовлених друк. ім. Фрунзе, м. Харків.

---

Одобліт № 1626. Уповнов. головліту № 4997. Замовл. № 493. $3^3/_8$ друк. арк. 3,15 облік. авт. арк. Папір 72 x 110 $^1/_{32}$. Тираж 3000. Здано на виробництво 30-IV 36 р. Підписано до друку 5-V 36 р. Черг. вид. № 62.

---

Друк. ім. Леніна, Одеса, Пушкінська, № 18.

Ціна 75 коп. Оправа 45 коп.